ו. נאטאנסאן

# ה. לייוויק
# דער דיכטער פון
# אַנקום און אויפקום



פארלאג · ל׳מ · שטיין · שיקאגא

# אָנקום און אויפקום
# אין ה. לייוויקס לידער

# וואַנסטו איצט, אַ נשמה

וואַנסטו איצט, אַ נשמה,
ארויסצוגיין מיט מיר אין דער ריכטונג פון אומבאַוואוסטע
רעגיאָנען,
וואו ס'איז ניטאָ קיין באָדן אונטער די פיס, און קיין וועג
אויף נאָכצופאָלגן ?

ניטאָ קיין מאַפּע דאָרט, קיין וועג ווייזער,
קיין קלאַנג פון א קול, קיין באַריר פון א מענטשנס האַנט.
ניטאָ קיין לעבעדיק געזיכט, ניטאָ קיין ליפּן, און קיין אויגן
אין יענעם לאַנד.

איך ווייס עס ניט, אַ נשמה,
ווי דו אליין ווייסט עס ניט ; אלץ איז א ליידיק בלאַט פאַר אונז;—
אלץ וואַרט פון קיינעם ניט געחלומ'ט אין יענעם
אומדורכדרינגבאַרן לאַנד —

ביז וואַנען עס ווערן לויז די פּעדים אַלע,
אלע — אחוץ די פּעדים די אייביקע: צייט און רוים —
און אויס מיט פינצטערניש, מיט גראַוויטאַציע, מיט זינען און מיט
גרענעצן, וואָס באַגרענצן אונז.—

דאַן ברעכן מיר זיך דורך, מיר שוועבן
אין צייט און רוים, אַ נשמה, גרייט און צוגעגרייט —
צוגעפּאַסט און ענדלאַך אויסגעריכט (אַ פריידן אַ פּרוכט פון אלץ!)
צייט און רוים ביזן סוף צו דערפילן, אַ נשמה.

וואָלט וויטמאַן

ערשטער קאפיטל

# „איך ווייס"

## א

ווענן אלץ, וואס לייוויק האט געשאפן און וואס ער שאפט איצט, קאן געזאגט ווערן דאס זעלביקע, וואס וואלט וויטמאן האט געזאגט וועגן זיינע אייגענע לידער.

„קיינער—שרייבט וואלט וויטמאן — וועט ניט צוקומען צום זין פון מיינע פערזן, אויב ער וועט וועלן עקשנות'דיק זיי באַטראכטן נאר ווי א ליטעראַרישן אויפטו, אדער ווי א פארזוך אלס אזא אויפטו, אדער ווי אלס א שטרעבן, דער עיקר, צו קונסט אדער עסטעטיק".

בלויז ליטעראַרישער אויפטו, בלויז קונסט אדער עסטעטיק, איז נישט מעגלאך פאר א דיכטער, וואס ווייסט אליין, אז ניט נאר ווייסט ער אלץ, וואס אנדערע ווייסן, נאר אז ער ווייסט אויך אביסל מער פאר אנדערע. דאס ווייסן אביסל מער פאר אנדערע קומט פון דעם טיפערן זעלבסט אין אונז. עס קומט פון דער אנדערער געשטאלט אין אונז, וואס וועגן איר זיין איז זעלטן ווער פון די קינסטלער אזוי זיך באוואוסט, ווי עס איז זיך באוואוסט דער דיכטער־קינסטלער ה. לייוויק.

לייוויק — ווי ער אליין דערציילט אונז אין דעם ליד אונטערן נאמען „איך ווייס" — ווייסט אזוי גוט ווי אנדערע, אז דער מענטש איז א וואלף, א טיגער; אז ווען ער איז דער זיגער, האט ער ליב זיך צו באדן אין בלוט און שווים פון דעם באזיגטן. ער ווייסט ווי גאל־

ביטער עס ווערן אָפּט זיסע רייד, און ווי בייז א דריטער שטעלט זיך אנטקעגן, ווען איינער טראָגט דעם צווייטן אביסל פרייד. ער ווייסט ווי א פּוס טוט א שטויס א צעשמיסענעם אין שטייג אריין. און ער ווייסט אויך, אז די שמחה פון דעם, וואָס פארוואונדיקט, איז גרע־סער ווי דאָס געוויין פון וואונד; און אז אייביק איז דער געמיינער בונד צווישן תפיסה שליסלען מיט די שלעסער.

דאָס דאַזיקע וויסן האָט געגעבן אויסדרוק צו די לידער, אין וועלכע דער טיפסטער צער און פיין פון מענשליכער אומווירדיקייט, דער שטאַרקסטער צאָרן און ברויזענדיקסטע אנטריסטונג קעגן דעם אומבאַטרעף פון מענש אויף דער וועלט, גייען אויף אין א מורא באַפאַלנדיקער אומדערשראָקענקייט און אַנטשלאָסנקייט אויפצו־נעמען אויף א ווירדיקן אופן דעם סוף פון דער דעָרוועלטיקער עקזיסטענץ. עס איז דאָס וויסן, וואָס מיר אלע ווייסן, וואָס האָט ארויסגערופן די לידער פון „אומקום",

די —

„לידער מיינע, ווי די גענז מיט לאַנגע העלזער,
לידער מיינע, ווי די קעלבער מיט די קיילעכדיקע אויגן"

וואָס צו זיי ווענדט זיך ליוויק מיטן רוף:

„הערט זיך צו, הערט זיך צו צו אלע שאָרכן —
שטריק און פּעטליעס זיינען שוין פון לאַנג פארצויגן.

— — — — — — — — — — — — — —

גרויס וועט זיין דער טאָג פון שעכטן, הייליג גרויס,
נאר גרעסער איז דערווייל פון ווארטן די מינוט;
פון קעלבער־אויגן אנגעגליטע שטילקייט שיינט ארויס,
אויף לאַנגע העלזער מוטערלאַכע גוטסקייט רוט

ווארט אין יום טובדיקן ציטער,
ווייל עס דרעמלט ניט און שלאָפט ניט אייער היטער.
און דער וואָס האָט דעם חלף, קומט אין צייט.

האפט אויף אים, אפילו ווען ער טוט זיך זאמען,
ווייל אין טיפעניש פון נעכט,
רוף איך און איך בעט אין מיינעם און אין אייער נאמען:
העלזער ווארטן — קומט און שעכט...

דער רוף צו דעם, וואס האלט דעם חלף, אז ער זאל קומען און שעכטן, דער געשריי:

שנים, שנים, שניידט,
אלע פאר איין מאל מיט אמאל,
קאסעט לינקס, קאסעט רעכטס.
באהעפטונג פון זאמיקע לייבער מיט שטאל,
שוימיקע קושן אויף קרעמפן פון קרעכץ —

דער דראנג צו שאלן דורך הארנס, אז אלע זאלן זיך אריינווארפן אין טויטן טאנץ; דאס רייסן זיך אריינצוטאנצן אין איינעם מיט אלעמען אין טאנץ פון טויט, אין דעם סוף פון ערדישער עקזיסטענץ — דאס אלץ איז דער וואנזיניקער אויסברוך פון פראטעסט קעגן דער מאמע ערד, וועלכע „טאנצט אויף דער שווארצער חתונה פון אירע זין און פירט אירע טעכטער צו דער בלוטיקער נאכט“, דאס איז דער פראטעסט קעגן דעם, וואס

קנייטשיק און הארביק און האריק,
בריים שויסיק און שווער ברוסטיק
הוידעט זיך די מאמע ערד
מיט א שמייכל, וואס קיינער פארשטייט נישט,
אויף דער שווארצער חתונה פון אירע זין,
אויף דער בלוטיקער נאכט פון אירע טעכטער.

דאס איז א פראטעסט קעגן דער שווארצקייט און בלוטיקייט, קעגן דער רשעות און רציחה, וואס וועגן זייער איצטיקער הערשאפט אויף דער ערד, וועגן זייער איצטיקן רינען אין די אדערן פון די צוויי־פיסיקע חיות, וויסן מיר אלע. דאס איז א פראטעסט קעגן דעם, וואס מיט אמאל האט געפלאצט די לבנה און

— — — אויף פערים שטראלן
שטיקערווייז לבנה־לייב נעמט פאלן,

פאלט, און פאלט אריין מיט האר און ביינער
גלייך אין מויל צו הינט אויף שארפע ציינער.

הינט געזעטיקטע פארגייען זיך אין שטילן,
אין צעצויגענעם, אין בענטשענדיקן בילן.

## ב

דער דיכטער ווייסט אָבער נישט נאָר דאָס, וואָס מיר אַלע ווייסן, נאָר אויך עפּעס מערער. ער ווייסט, ווייל ער האָט עס גע־פילט, געלעבט און איבערגעלעבט. און אַלעמאָל און אומעטום איז עס דאָס עפּעס מערערע, וואָס כאַראַקטעריזירט דעם דיכטער און טיילט אים אויס פון אַלע אַנדערע. און ווייל עס איז גאָר קליין די צאָל פון די דיכטער, וואָס זיינען אַליין באַוואוסט אויף אַזאַ ווייסן, און נאָך קלענער איז די צאָל פון די, וואָס פאַרמאָגן די דרייסטקייט אָפן צו זאָגן דער וועלט, אַז זיי ווייסן עפּעס מערער פאַר דעם, וואָס אַנדערע ווייסן, וועלן מיר דעריבער ברענגען דעם צווייטן טייל פון דעם ליד „איך ווייס", ווי עס שטייט און גייט.

איך ווייס, איך ווייס, איך ווייס, —
אָבער איך ווייס נאָך אַנדערש עפּעס;
איך האָב אַליין געפילט אַ מאַמע שווים
אויף טויטע, שנייאיקע סטעפּעס.

אַ מענטש מיט וואָלפישער שטים
יאָמערט צו בלינדע ווייטן,
און יאָמער ווערט גליקלאַכער הימען,
פון אַ געטרייסטן, אַ באַפרייטן.

עלנדער, געפייניקטער גוף
קוואַלט מיט באַפרוכטפערדיקן זאָמען,

און זיסער שוים שלאָגט ארויף
אויף ליפּן אין הייליקונג פון א נאָמען.

אויסגעשטרעקט אויף נאַקעטער ערד,
ארומגערינגלט מיט נאכט און ווערים, —
ליגט דער מענש און הערט
דאָס צאַפּל פון א קינד אין זיינע געדערים.

א ליבשאַפט ווי פייער הייס
צעשמעלצט דעם גוף פונ'ם הערער: —
איך ווייס, איך ווייס, איך ווייס, —
און איך ווייס נאָך עפּעס מערער.

און ווער עס ווייסט פון א ליבשאַפט, וואָס שמעלצט גוף ווי הייס פייער, און דערצו ווייסט ער נאָך עפּעס מערער, דער מוז ערגעץ וואו אויף א וואָסערן עס איז אופן וויסן פון אן אָנהויב נאָך דעם סוף פון דער ערדישער עקזיסטענץ — פון אן אָנהויב, וואָס בינדט זיך מיט דעם איידער און דעם פריער פון דער ערדישער עקזיסטענץ. ער מוז וויסן פון אן אויפקום נאָכן אומקום, פון אן אויפגאַנג נאָכן אונטערגאַנג אין דעם אומענדלעכן און אייביקן גאַנג פון אָנקום, אומקום און אויפקום. און דערפאַר פעלן נישט — שוין אין דעם געזאַנג פון „אומקום" גופא — שורות פון אויפקום; און דערפאַר טראָגט אין זיך דער רוף צום טויט דעם אָנזאָג אויף לעבן, און דער רוף צום לעבן — אָנזאָג אויף א נייעם לעבן, אויף א גרעסערן פאַרנעם פון לעבן.

זיבן נולן,
ווי די זיבן פייערדיקע רייפן,
האָבן מיר פון גאָרנישט אָנגעפילט מיט פולן,
און דורך וועלטן, דורות זיי געלאָזן לויפן.

קאָנען מיר דערווייזן —
מיר — דער איינס צו אלע נולן זיבן,

אז מיר זאָלן מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן שפּרייזן
צו אַ וועלט, וואָס קיינער האָט זיך נאָך ביים לעבן ניט
דערקליבן.

די וויזיע פון אזא וועלט, דער רוף צו שפּרייזן צו איר מיט א שמייכל אויף די ליפּן, רופן ארוים אינם דיכטער די זעאונג פון א ווייסן רייטער, וואָס רייט אויף נאָך א ווייסערן פערד. און אף דעם דאָזיקן פערד, דעם ווייסן, דעם הייליקן, מיט דער הויבונג פון שטויב, וואָס באַרירט זיינע פיס, טראָגט דער דיכטער זיך און אונז פון „אומקום" צו „אויפקום".

אז איך דערמאָן זיך די מוטערלאכך־פרייד,
וואָס ווארט אויף דער לעצטער־לעצטער מייל
קלינגען ברידערלאך אויף מיינע שפּאָרן,
און איך אייל און איך אייל.

איך אַ רייטער אַ ווייסער
אויף נאָך אַ ווייסערן פערד,
בין געקומען זיך דורכרייטן נאָך
אויף דער מייליקער ערד.

# „צווייגעשטאַלטיקייט"

## א

און ווי זיכער לייוויק איז, אַז ער ווייסט עפּעס אַנדערש און מער פון אַנדערע, אַזוי זיכער איז ער אויך אין זיין צווייגעשטאַל־טיקייט. און צו דער דאָזיקער זיכערקייט גיט ער אויסדרוק אין אַ רייע לידער.

די בעסטע דערקלערונג פאַר דעם געפיל פון צווייגעשטאַלטי־קייט, וואָס באַהערשט אייניקע מענשן בכלל און געוויסע דיכטער בפרט, האָב איך געפונען אין די ווערק פון דעם גרויסן אידיש־פראַנצויזישן דענקער אַנרי בערגסאָן. איך וועל מיר דערלויבן צו ברייננגען דאָ אַ געווויסן אויסשניט פון מיינער אַן אַרבעט וועגן אים*) וואָס וועט, ווי איך גלויב, אונז העלפן צו פאַרשטיין לייוויקס לידער וועגן זיין אייגענער צווייגעשטאַלטיקייט.

אַלץ, וואָס ווערט פאַרשטאַנען אונטער פּסיכיק און גייסט, און וואָס קומט צום אויסדרוק דורך דעם נערוון סיסטעם, טיילט בערג־סאָן פאַנאַנדער אין צוויי שטראָמען, וואָס יעדער איינער פון זיי שלאָגט זיך דורך זיינע אייגענע וועגן און דינט אויף פאַרשיידענע אופנים דער אַנטוויקלונג און דערגרייכונגען פון מענטשלאַכן לעבן. איין שטראָם, אָדער ריכטונג, איז דער אינסטינקטיוועער, דער צווייטער איז דער אינטעלעקטועלער. אונזער אויבערפלעכלעכער „איך" שלאָגט זיינע וואָרצלען אין דעם אינטעלעקט; אונזער טיפערער „איך", אָדער וואָס מיר רופן „זעלבסט" אין אונז, איז פאַרוואָרצלט

*) דאָס נייע לעבן, 1913.

אין דעם אינסטינקט. פון דעם דאזיקן אינסטינקט וויקלט זיך ארויס די אינטואיציע.

דער זעלבסט איז פרימיטיווער, טיפער און רעאלער פאר דעם איך. דער זעלבסט איז די שטענדיק ווערנדיקע און תמיד שאפנדיקע קראפט אין אונז. דער איך איז סעקונדאר, אויבערפלעכלעך און פענאמענאל. ער דינט אונז פאר אלע מאמענטאלע, פראקטישע צוועקן. ער אנאליזירט און אוטיליזירט דאס געווארענע און געשאפענע. דער שכל נויטיקט זיך אין דעם אינסטינקט מער איידער דער אינסטינקט אין דעם שכל; און דערפאר איז דער „איך" מער אפהענגיק פונם „זעלבסט" איידער דער „זעלבסט" פון דעם „איך".

דער אינסטינקט און אינטעלעקט זיינען אין א גרעסערן אדער קלענערן גראד אפהענגיק איינער פון אנדערן. זיי ווירקן אויף א שוואכערן אדער שטארקערן אופן איינער אויף דעם אנדערן; זיי קענען אבער בשום אופן נית פארוואנדלט ווערן איינער אין דעם אנדערן. זייערע ראלן אין דעם וועלט-געשעהן זיינען באשטימט צו זיין אויף אייביק פארשיידן. דער אינטעלעקט וועט אין זיין אנטוויקלונג אויסנוצן אלץ מער און מער די פענאמענאלע וועלט, די וועלט, וועלכע איז אן אפשפיגלונג און אן ארויסשטראלונג, אדער א טייל, פון דער אבסאלוטער אדער רעאלער וועלט. דער אינסטינקט ווידער אין זיין אנטוויקלונג דרינגט אריין אלץ טיפער און טיפער אין דער רעאליטעט גופא, און מיט יעדן אריינדרינג עפענען זיך פאר אים אלץ מער און אלץ טיפערע קוואלן פון דער רעאליטעט. דער אינסטינקט אין זיין אנטוויקלונג נעמט אן די פארם און די געשטאלט פון אינטואיציע.

„אונטער אינטואיציע — שרייבט בערגסאן — פארשטיי איך אינסטינקט, וואס אינטערעסירט זיך שוין נית מער בלויז מיט זיך אליין, נאר וואס איז שוין פייאיק צו רעפלעקטירן, נאכצוטראכטן איבער זיין געגנשטאנד און אים אן א שיעור צו פארגעסערן — און דורך דעם אינסטינקט אויף אזא מדרגה פון אנטוויקלונג, דורך דער אינטואיציע, הייסט עס, ווערט דער א ב ס א ל ו ט אנטפלעקט זייער נאענט לעבן אונז און אין א געוויסער מאס אין אונז.

דער תמצית פון דעם אבסאָלוט איז א פסיכאָלאָגישער און נישט קיין מאטעמאטישער אָדער לאָגישער. דער אבסאָלוט לעבט אין אונז, ער לעבט ווי מיר לעבן, נאָר אין א געוויסן גראד מער קאָנ־צענטרירט, מער אין זיך גופא צונויפגעוויקלט. ער דויערט . . .״

אויף אזא אופן קומט אויס, אז וואָס מער מיר אליין וועלן זיך קאָנצענטרירן, וואָס מער מיר אליין וועלן אין זיך גופא צו נויפוויקלען, אלץ שנעלער און אלץ זיכערער וועלן מיר דערפילן די צוויי געשטאלטן אין אונז — די „איך״ געשטאלט און די „אלבסט״ געשטאלט. און וואָס אָפטער מיר וועלן זיך אראָפלאָזן אין דעם תהום פון דעם זעלבסט, אין דעם „מארע טענעבראַרום״, אין דעם ים פון פינצטערנישן, וואָס שטורמט אין דער נשמה, אלץ מער סודות וועלן זיך צו אונז אנטפלעקן אויך פון דער ניט־פענאָמענאַ־לער וועלט. און אלץ מעגלעכער וועט פאר אונז ווערן צו דערגרונ־טעווען זיך צו די יסודות פון וועלט און צו די מהותן פון מענש און גאָט, און צו די שייכותן צווישן מענש, וועלט און גאָט.

די צוויי געשטאלטן אין דעם מענטשן זיינען, אלזאָ, פארשיידן איינע פון דער אנדערער. איינע, וועלכע איז מער אויף דער אויי־בערפלאַך פון דעם מענטשלאכן גייסט, איז, ווי בערגסאָן דריקט זיך אויס, „אָן אויסנווייניקסטער ארויסשטארץ פון דער אנדערער, איר רוימלעכער, סאָציאלער, אזוי צו זאָגן, רעפּרעזענטאנט״. צו דער צווייטער, צו דער געשטאלט, וואָס האלט זיך שטענדיק אויף אין די אונטערשטע פלאכן פון גייסט, אין די טיפענישן פון דער נשמה — צו איר קאָן מען צוקומען נאָר אין די מאָמענטן, ווען מען ווענדט אָן אלע כחות אויף אָפּצורייסן זיך פון דער ארומיקער שוימענדיקער און ברויזנדיקער וועלט; ווען מ׳ווארפט זיך אריין ביז צו פארגעסנהייט אָן אלץ און אלעמען אין דער אינעווייניקס־טער וועלט — אין דער וועלט, וועלכע גרעניצט זיך ערגעץ וואו מיט שפינאָזאס אייביקייט, אָדער מיט בערגסאָנס ריינעם דויער. און נאָר דורך דער צווייטער געשטאלט ווערן מיר אליין אריינגעפירט אין די ווייטסטע און העכסטע וועלטן — אין די וועלטן פון איבער רוים און איבער צייט.

ווי ביי דער האנט פירט אונז אריין אין די דאָזיקע וועלטן

לייוויק׳ס דיכטונג. און זי טוט עס דערפאר, וואָס לייוויק איז איינער פון די גאָר געציילטע דיכטער, וואָס האָט נאָך אין זיין פריסטער יוגנט דערפילט שטאַרק די צוויי־געשטאַלטיקייט אין זיך, און זיין גאַנצן לעבן האָט ער בלב ונפש און ביז צו מסירת נפש זיך איבערגעגעבן דער צווייטער געשטאַלט, דעם טי־פערן „איך" אין זיך, דעם „זעלבסט" זיינעם.

## ב

לייוויקס טיפסטע לידער ווערן קלאָר פאַר אונז, און דערציילן אונז זאַכן אַן אַ שיעור פון די העכערע וועלטן ערשט דעמאָלט, ווען מיר נעמען זיי דורך אין ליכט פון זיין צווייגעשטאַלטיקייט. און קלאָר און פול מיט טיפן זין ווערן פאַר אונז דעמאָלט די לידער, אין וועלכע די צווייגעשטאַלטיקייט ווערט באַזונגען אויף אַן אָפענעם אָדער פאַרבאָרגענעם אופן.

זאָלן דאָ געבראַכט ווערן אייניקע לידער, וואָס זאָגן עדות אויף דעם דיכטערס אייגענער דערקענטעניש פון דער צווייגע־שטאַלטיקייט אין אים. מיר וועלן אָנהויבן מיט דעם ליד, וואָס גייט טאַקע אונטער דעם נאָמען „איך בין אַ צווייגעשטאַלטיקער". דאָס דאָזיקע ליד איז אַן אָנזאָג אויף דעם ליד, וואָס מיר האָבן שוין פריער געבראַכט — אויפן ליד „איך וויים", וואָס איז געקומען מיט יאָרן און יאָרן שפּעטער. שוין אָבער אין דעם ליד „איך בין אַ צווייגעשטאַלטיקער", פון דער סעריע לידער „,הינטערן שלאָס", לאָזט אונז דער דיכטער וויסן, אַז ער זעט, אויב נאָך נישט אין אַנ־דערע, איז אין זיך גופא, עפּעס אַזוינס, וואָס אַנדערע זעען נישט. און אַז ער ווייסט וועגן אַן עמיץ אין זיך, וואָס וועגן אים האָבן אַנדערע קיין שום אָנונג נישט. ער איז צווייגעשטאַלטיק, און איין געשטאַלט איז פאַר אים אַליין נאָך אַ מטושטשע. אין לויף פון די יאָרן איז די דאָזיקע געשטאַלט, דער דאָזיקער עמיץ, געוואָרן אַלץ קלאָרער און ליכטיקער. און ביז צום סוף פון זיינע טעג, אויב דאָס וועלן נאָר זיין טעג פון אינטענסיווער גייסטיקער אַנטוויק־

לונג און פון גייסטיקן שטייגן, וועט זיכער די זעאונג פון דער דאָ־זיקער געשטאַלט ווערן קלאָרער און לויטערער, און זי וועט מיט אַלץ א גרעסערן אימפעט זיך יאָגן אין די טיפן און אין די הויכן.

גאָר צוערשט האָט לייוויק דערפילט און דערזען דעם צווייטן איז זיך אין געשטאַלט פון א הונט, וואָס יאָגט זיך נאָך אין געיעג.

פאַרוואָס א הונט?

א הונט דערפאַר, מסתמא, וואָס א הונט בייסט און רייסט און איז, ווען אויפגערעגט און אין כעס, גרייט אויף שטיקער צו רייסן, און דאָס איז דאָך וואָס מיר פילן, ווען מיר ווערן פון געוויסן גע־מאַטערט. מיר פילן ווי דער געוויסן בייסט און רייסט אונז אויף שטיקער. מיר פילן „געוויסנסביסע". דאָס אָפט באַפאַלן ווערן פון אַזעלכע געפילן כאַראַקטעריזירט צום שטאַרקסטן דעם העכסט־עטישן מענש, דעם מענש וועמען עס מאַטערט דאָס עטישע פּראָב־לעם, דאָס פּראָבלעם פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר זיך און פאַר וועלט. פאַר דעם עטישן מענשן איז דאָס עטישע פּראָבלעם די אַקס, ארום וועלכער עס דרייען זיך אַלע אנדערע פּראָבלעמען, אָדער דער מיטלפונקט, פון וועלכן עס ציען זיך אַלע ראַדיוסן צו דעם לעבנס־קרייז. קיין איין פּראָבלעם איז נישט געקומען אַזוי שטאַרק צום אויסדרוק אין לייוויקס שאַפונגען, ווי דאָס פּראָבלעם פון דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון מענטש פאַר אַלץ, וואָס געשעט אין אים, מיט אים און ארום אים. וואָס טיפער עס ווערט געפילט די פאַראַנטוואָרטלעכקייט, אַלץ אָפטער און שטאַרקער ווערן מיר געפייניקט פון געוויסן. וואָס שטאַרקער די ליידנשאַפט צו גיין אויף גלייכע וועגן, אַלץ קרומער זעען אויס צו אונז די וועגן אויף וועלכע מיר זיינען ביז איצט געגאַנגען, און אַלץ שטאַרקער די זו־כעניש פון אנדערע, גלייכערע וועגן. וואָס שטאַרקער עס ווערט דערפילט די גרויסקייט פון דעם צדיק און די גוטיקייט צו האָבן אַזעלכע אין דער וועלט, אַלץ אָפטער זיינען די מאָמענטן, ווען מען דערפילט אין זיך דעם רשע, און אים דערפילט מען אין זיך דווקא דעמאָלט, ווען אנדערע זעען אים ניט און פילן אים ניט אין אונז. אין איינעם פון אַזעלכע מאָמענטן, גלויב איך, האָט עס ארויסגעזונגען פון לייוויקן:

איך בין אַ צווייגעשטאַלטיקער און אַ פאַרקערטער,
איך בין אַ טיף־פאַרדאַרבענער פון טאָג און טעג,
און קיינער זעט ווי קרום עס איז דער וועג,
פון מיינע טריט, פון מיינע ניט־דערזאָגטע ווערטער...

איך ווייס: דער צווייטער איז אין מיר אַן אויסגעקלערטער,
אַ הונט, וואָס יאָגט נאָך מיר אַליין זיך אין געיעג;
מיר דוכט זיך אָפט: ער איז מיין איינציקער פאַרמעג,
ער איז מיין האַר, מיין פירער, מיין באַשערטער.

זאָל זיין אַזוי, די מענשן זעען סיי־ווי ניט,
און איך האָב זיך שוין צוגעוואוינט ווייטער אַזוי לעבן.

נאָר גלויבן, גלויב איך דאָך, אַז גאָט וואָס היט
דעם צדיק'ס וועג, וועט אויך זיין געטלאַכן געמיט
ניט אָפּקערן פון מיר, דעם רשע, און פאַרגעבן . . .

און אין אַן אַנדער מאָמענט דערזעט און דערפילט דער דיכ־
טער די צווייטע געשטאַלט, וועלכע ער נעמט אָן, אין די ערשטע
צייטן פון זיין לעבן, ווי אַן אויסגעטראַכטע, נישט א י ן זיך, נאָר
ערגעץ ווייט פון זיך. — און די ווייטקייט פאַרקלענערט ניט איר
איינפלוס און איר ווירקונג. דער דיכטער פילט דעם איינפלוס און
די ווירקונג פון דער צווייטער געשטאַלט אַזוי שטאַרק, אַז אים
דוכט זיך, אַז די ווייטע געשטאַלט איז די רעאַלע, די אמת'ע. און
די נאָענטע — די פאַלשע.

און וואָס דו זעסט און וואָס דו טוסט —
אַ פאַלשער שפּיל;
אַן אויסגעטראַכטער וואַנדלסט אום
אָן וועג, אָן ציל.

דער אמתער איז ערגעץ ווייט,
איז איינגעדרייט,
איז איינגעשרויפט אין זיך אַליין,
ווי אין אַ קייט . . .

ער שלעפּט זיך ערגעץ נאָך דער קיים,
גיים טרים ביי טרים . . .
און וואו? און ווען? ניט ער, ניט ווער —
ווייס קיינער נישט.

(„אַן אויסגעטראַכטער").

אַט אַהין אין דעם ערגעץ, וואו עס געפינט זיך די וועלט פון דעם אמתן, איינגעדרייטן אין זיך אַליין ווי אין אַ קיים, פון דעם איינגעשרויפטן „איך" אָדער „זעלבסט" לאָזן זיך עס אַוועק די אויגן פון דעם דיכטער, בעת ער זיצט אַ מידער פון רוישנדיקן טאָג אויפן שטול, אויף וועלכן עס הענגען זיינע זיך־וויגנדיקע הענט און פיס. זיינע אויגן, אָבער, לויפן איבער שטערן, אין גע־דיכטער פינצטערניש, צו די ווייטן, זיי שניידן זיך דורך דער פינצטערניש. און דאָס ליד „אויף די פייערן" ענדיקט זיך מיט די שורות:

לאַנג שוין האָבן מיך פאַרוויגט די פייערן די טאַנצנדיקע,
נאָר די אויגן מיינע
ברענען ערגעץ וואו נאָך מיט די פייערן די טאַנצנדיקע . . .

דאָס זיינען אייגנטלעך די אויגן פון דער צווייטער און נישט פון דער ערשטער געשטאַלט, פון דעם „זעלבסט" און ניט פון דעם „איך".

און אַמאָל טרעפט, אַז ניט ביידע אויגן אויף איין מאָל, נאָר בלויז איין אויג דינט דער צווייטער געשטאַלט, און דאָס אַנדערע פאָלגט אויס די באַפעלן פון דער ערשטער, און קלעפּט זיך צו. און בעת איין אויג איז צוגעקלעפּט, פינקלט און וואַנדערט ערגעץ־וואו דאָס צווייטע אויג. און דאַן דערפילט לייוויק בפועל ממש צוויי לייוויקס אין זיך, און ווען אַ שטים טוט פּלוצלונג אַ פרעג: שלאָפט דא לייוויק ערגעץ־וואו? ענטפערן שטימען גאָר אַ סך: „לייוויק וואוינט שוין דאָ ניט מער". און צווישן די אַלע שטימען דערהערט זיך אַ קול וואָס בעט: „לאָז שוין לייוויקן צורו" דאָס קול, אָבער, וואָס בעט, אַז מען זאָל לאָזן לייוויקן צורו, לאָזט אונז דווקא נישט צורו. צוליב דער אומרוהיקייט, וואָס דאָס ליד וועקט אין אונז,

און צוליב דעם, וואָס עס קען דינען ווי איינע פון די שליסלען, מיט וועלכע צועפענען די טויערן פון לייוויקס נשמה, פאַרדינט דאָס דאָזיקע ליד אריבערגענומען צו ווערן אהער פון „הינטערן שלאָס“ שורה פאַר שורה.

קאַלט און שפּעט. איך ליג און ליג,
נעמט איין אויג און קלעפּט זיך צו:
און די צווייטע — ניט אזוי,
פינקלט, וואַנדערט ערגעץ־וואו;
פּלוצלונג הער איך ווי מען פרעגט:
— שלאָפט דאָ לייוויק ערגעץ־וואו? . . .

ווייל איך געבן זיך אַ כאַפּ,
און איך טו זיך ניט קיין קער;
אַרום מיר און איבער מיר
הער איך שטימען מער און מער;
פּלוצלונג הער איך ווי מען זאָגט:
— לייוויק וואוינט שוין דאָ ניט מער . . .

ווייל איך זיך צולאַכן הויך —
פרירט מיין צונג צום גומען צו;
עמעץ קלאַפּט דעם קאָפּ אָן וואַנט
מיט געוויין: וואו איז ער, וואו? . . .
— לאָזט שוין לייוויקן צורו . . .

## ג

אין די לידער פון בוך „הינטערן שלאָס“, ווי כמעט אין אלע לייוויקס לידער, ווערט דאָס אָנקומענדיקע און אויפקומענדיקע דער־זען — אמאָל פון זיינע בײדע אויגן, וואָס זיינען „ווי די פייערן אין דער לופט די טאַנצנדיקע“, און אמאָל פון בלויז איין אויג זיינס, וואָס „פינקלט און וואַנדערט ערגעץ־וואו“. דורך דער פינצטער־ניש ווערן געזען די ווייטע פייערן אין אזא ווייטקייט און מיט אזא

דורכדרינגלעכקייט, וואָס גאָר ווייניק פון די דיכטער, אפילו, האָבן זוכה געווען צו זען.

עס איז דאריבער נישט קיין וואונדער, וואָס נאָך אינגלווייז האָט דער דאָזיקער דיכטער זיך שוין געהאלטן פאר אַ גרויסן; גע־לעבט מיט זיך אליין, מיט מענשן פון דערווייטן, אַזוי ווי ער וואָלט עפּעס וואָס פון עמיצן באַהאלטן, און שוין דעמאָלט זיך פאָרגע־שטעלט, אַז עפּעס גרויסעס וואונדערליכעס וועט פון ליידן קומען.

און איך דער ערשטער וועל דערזען דאָס וואונדערליכעס
גרויסעס,

און מער פון מענשן שוין נישט קענען עס פאַרבאָרגן.
פון טיר צו טיר, פון שויב צו שויב וועל איך זיך לאָזן קלאַפּן
און אָנזאָגן דעם ליכטיקן פרימאָרגן . . .

און אַן אנדערש מאָל שטעלט ער זיך פאָר זיין קומען אָן שום רעש און טומל. אויף אַ גאַנץ שטילן און לחלוטין אומבאַמערק־באַרן אופן וועט ער ברענגען פרייד, דערשטוינונג און ציטער, און עפּענען וועט ער די אויגן פון די, וואָס האָבן זיי ביז זיין אָנקום געהאלטן פאַרמאַכט.

— שטיל וועל איך קומען פון אַלטע,
פאַרגעסענע וועגן

— — — — — — — — — — — — — — — — —

צו פוס וועל איך קומען אין קליידער
צעווייקטע פון רעגן.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אַ מאַך מיטן האַנט וועל איך געבן, —
צו ערד זיך פאַרנייגן, —
וועט יעדער דערפילן: עס ווערן אים
אָפן די אויגן.

און יעדער אין פרייד און דערשטוינונג
אין ציטער באַנומען,
וועט קוים נאָר אַ זאָג טאָן: אָ, זעט נאָר —
ער איז שוין געקומען.
(„ס'וועט קיינער ניט ווערן גע'הרג'עט").

און דאָס זעלביקע אין דעם ליד „דורך נידעריקע טויערן", וואָס איז געזונגען געוואָרן מיט יאָרן שפּעטער. דאָס ליד הויבט זיך אָן מיט די שורות:

דורך די נידעריקע טויערן פון אַלע לענדער
גיי איך דורך נאָך נידעריקער, און דערפאַר
אַלץ וואָס קומט אין וועג, פאַר'חשוף איך, פאַרענדער,
אַלץ ווערט שפּאַנונג און דערוואַרטונג און געהאַר.

און אפילו, ווען מיר הערן ניט זיין קלאַפּן אין אונזערע טירן און שויבן, און זעען ניט זיין גיין און קומען ערגעץ־וואו, איז דאָס נאָך ניט קיי ראיה, אַז ער איז נישטאָ מיט אונז, און אַז ער זעט אונז נישט, ווירקט און באַאיינפלוסט אונז נישט. די צווייטע געשטאַלט אין דעם מענשן — ווען מענש דערקענט זי און קאָנצענטרירט אויף איר אַלע זיינע גייסטיקע כחות — ווערט אַ רואה ואינו נראה. זי קאָן זען און ניט געזען ווערן. און דארום זינגט לייוויק אין זיין בוך „אין קיינעמ'ס לאַנד" —

וואו דו ווענדסט זיך,
גיי איך מיט, —
זעסט מיך יאָ,
צי זעסט מיך נים.

איך ברענג טרויער
דיין געמיט, —
זעסט מיך יאָ
צי זעסט מיך ניט.

און טרויער ברענגט לייוויק דעם געמיט פון דעם, מיט וועמען ער גייט מיט, נישט דערפאַר, וואָס ער האָט סתם אזוי ליב דעם

טרויער, אָדער דערפאַר, וואָס ער האָט חלילה פיינט דעם, וועמענס מיטנייער ער ווערט, נאָר דאָס איז דערפאַר, וואָס ער האָט פון קינדווייז אָן דערפילט אין דעם טרויער א גרויסן און טיפן מיטל פאַר א העכערן ציל און צוועק — א מיטל פאַר דערהויבונג און דערלייטערונג.

ווען ער, אין א געוויסער נאַכט, זעט א זעהונג ווי דער גאָט פון טרויער יאָגט זיך צו אים, ענדיקט זיך די דאזיקע זעהונג מיט דעם, וואָס גאָט טראָגט אים אוועק צו זיין ווייסן פייער־וואָגן. און וואָס קאָן נאָך שטארקער סימבאַליזירן דערהויבונג און לייטערונג, ווי א ווייסער פייער־וואָגן?

אין א ווייסן פייער־וואָגן
יאָגט צו מיר דער גאָט פון טרויער

— — — — — — — — — — — — — — — —

ווי איך ליג א שלאָפנדיקער,
נעמט ער אויף די הענט מיך טראָגן
איבער קאָפּ א צוגעדעקטן
צו זיין פייערדיקן וואָגן.

און אויב ער מיידט ניט אויס דעם ראַנד פון געפאַר, און אויב ער וואַרט מוטיק אפן צייכן פון טויט: זיי גרייט! איז עס אויך דערפאַר, וואָס ער קומט צום ראַנד פון געפאַר דורך זיין אייגענעם און דורך אונזער אַלעמענס טרויער — דורך דעם טרויער, וואָס לייטערט אי אים, אי דעם טויט זיינעם. און דערפאַר גלויבט ער, אַז זיין טויט וועט זיין גאָר אַן אויסטערלישער, אַזעלכער, וואָס פּאַסט זיך פאַר איינעם, וואָס נעמט אויף טרויער אויף אַן אייגנ־אַרטיקן אופן.

איך צינד אָן געשטאָרבענע פייערן,
איך — מוטיקער, שטאַרבנדער נאַר;
דורך טרויער דורך מיינעם און אייערן
איך קום צו צום ראַנד פון געפאַר.

— — — — — — — — — — — — — — — —

איך שטיי און איך ווארט, א דערוווייטערטער
פון זיך און פון אייך, ווען דער טויט,
דורך טרויער ווי איך א געלייטערטער,
וועט געבן א צייכן: זיי גרייט.

איך גלויב אין מיין טויט דעם באזונדערן,
איך מייד ניט דעם ראנד פון געפאר;
וואס קומט איר ניט נעענטער באוואונדערן,
דעם מוט פונם שטארבענדן נאר?

עס איז די אומבאגרענעצטע קראפט צו פארטיפן און דער־הויבן דאס שענסטע און דאס בעסטע אין דעם מענשן — די קראפט וואס לייוויק שפירט און פילט אן ארויסשלאגנדיקע פון די טיפע־נישן פון טרויער, וואס האט אריינגעקייטלט אין זיין וואונדער־שיינעם סאנעטן־רינג, אזעלכע טיפע, קרעפטיקע און ליכטיקע שורות, וואס די ערשטע פון זיי הויבט זיך אן מיט דעם ווארט טרויער —

טרויער — אלטער וויין אין דורות׳דיקן כוס —
שוימט און שפארט אריבער אלע צאמען־בּרעגן.

ליכט פון הימן שטראלט אין פינצטערן כאאס,
אלע בלינדע זעאונגען, חלומות פון רואינען־שלאס,
לאזן זיך מיט פאקעלן אויף לאבירינטן־וועגן.

לאזן זיך מיט פאקעלן אויף לאבירינטן־וועגן,
הויט פון בלינדע זעאונגען צעפלאצט זיך, פאלט אוועק,
און אנטפלעקונג נאך אנטפלעקונג פון דער טיף פון שרעק
שיפן זיך ארויס מיט העלע פארוסן אנטקעגן,

פלינקע הענט פון ארבעט האמערן און שארפן זעגן
פארן אויפבוי פון רואינען, טאנץ פון בלאנקע העק,
בונטע פארבן בליען איבער שימל, איבער פלעק,
ליד פון יידיש אין דער לופטן — ווי א פרילינג־רעגן.

עס איז זיין אייגנארטיקער וועג פון אויפנעמען טרויער און פון צו דערזען די אומדערשעפלעכע קוואלן פון גליקזעליקייט, וואס

אַ געוויסער מין טרויער קאָן עפענען פאַר דעם מענשליכן וועזן,

— — אַזאַ תפיסה מיט אַזוינע קייטן,

וואו דער טרויעריקסטער זינגט און דער פאַרשמידטער טאַנצט און

— — אַזאַ עלטקייט, וואָס מאַכט דיך ייִנגער,
— — אַזאַ גבורה אין פינגערברוך;
— — אַזאַ גוטסקייט, וואָס שטראַלט פון הונגער,
און אַ שטיין־געלעגער, וואָס איז ווייכער פון פוך.

און ווען מיר לייענען די לעצטע שורות פון דעם דאָזיקן ליד אונטער דעם נאָמען „דיין ברכה"

עס וועלן קיינמאָל ניט איינפאַלן דער וועלט'ס פיר זיילן —
עס שפּאַרט זיי אונטער דיין געזונקענער קאָפּ;
פון דיין שטערן, געקרוינטן מיט ליכטיקע ביילן,
דיין פאַר'עקשנ'טע שיינקייט טוט זיך קיינמאָל ניט אָפּ.

לייג אַרויף דיין האַנט און בענטש מיך מיט באַרירונג,
דיין ברכה וועט זיך טראָגן דורך צייט און רוים,
און וועט קומען און וועט אָנקלאַפּן אין די ווייסע טירן
פון מיין זונ'ס, פון מיין אייניקל'ס און אור־אייניקל'ס היים.

זיינען מיר פאַר אַ לאַנגער צייט אונטערן איינפלוס, אַז פון אָנהויב ביזן סוף איז עס דער טרויער, צו וועמען דער דיכטער ווענדט זיינע רייד. עס איז דעם טרויער'ס געזונקענער קאָפּ, וואָס שפּאַרט אונטער דער וועלט'ס פיר זיילן; זיין שטערן איז עס גע־קרוינט מיט ליכטיקע ביילן; פון אים טוט זיך עס קיינמאָל נישט אָפּ די פאַר'עקשנ'טע שיינקייט; פון זיין האַנט באַרירט צו ווערן, באַגערט עס דער דיכטער, און זיין ברכה וויל ער זאָל זיך טראָגן דורך צייט און רוים.

דער דאָזיקער איינדרוק רופט אַרויס דעם זיכערן געפיל, אַז וועמען דער דיכטער זאָל נישט געווען אין זינען האָבן, ווען ער האָט אַרויסגעזונגען „דיין ברכה", איז זי, אָדער ער, אויף דעם איינ־

טימסטן אופן געבונדן און אויף אייביק באהאפטן מיטן טרויער,
און דאריבער נעמען זיך עס צו אירע, אדער זיינע, ליידן

צו די ליידן פון דעם צווייטן, צו דער פרייד פון דעם צווייטן
— — — ווי צו א בייט א פלאנץ.

און נאר ווענן א טויט, א טיף געלייטערטן פון טרויער, קאן
א דיכטער דערפילן צו זינגען:

טאטע־טויט הימ, ביים טיר שטייט און הימ,
א שומר א געטרייער, היט און פארהיט —
פון אויגן פון פרעמדע, פון שלעכטע.
א פרעמדער פרעגט: ווענען היטסטו ביים טיר?
און טאטע ענטפערט: מיין זון היט איך.

און נאר א זון, וואס האט איבערגעלעבט מאמענטן, אין וועל־
כע מען דערפילט ווי דורך א כשוף די פארוואנדלונג פון טרויער אין
אן אויסטערלישער פרייד און די פארוואנדלונג פון טויט אין א
צווייט לעבן — נאר אזא זון קאן זינגען:

די אקסלען פון טויט טראגן מיך,
ברייטע, געזונטע, שטאלענע אקסלען —
פאטערלאכע,

— — — — — — — — — — — — — — — —

טאטע זאגט צו מיר: רוהיק זיי, זון!
טאטע זאגט צו מיר: ליכטיק זיי, זון!
טאטע זאגט מיר: קינד מיינס

— — — — — — — — — — — — — — — —

אזוי ווי ער זאגט דאס, ווערט דער פרעמדער נאענט
און דער שלעכטער ווערט גוט, און דער טרויער געטרייסט.
מענשן צעשטראלן זיך איבער אלע גאסן,
און זאגן אן מיט פרייד: דער טאטע טראגט אויף די אקסלען
דעם זון

און דער זון איז רוהיק,
און דער זון איז ליכטיק.

---

איך בין דיין גע'חלום'טער,
איך בין דיין געהאָפטער,
דו זאָגסט: קום
קום איך אריין.

(„אויף די אקסלען")

און ווער עס נעמט אויף אזוי רוהיק און ליכטיק טרויער און טויט, דער האָט געקאָנט און געמעגט, אפילו ווען גאָר יונג נאָך, זאָגן צו דעם, וועמענס געמיט ער ברענגט טרויער:

איך באשיץ דיך
און באהיט —
זעסט מיך יאָ,
צי זעסטו מיך ניט.

היט דיין וועג
פאַר מיינע טריט
זעסט מיך יאָ,
צי זעסט מיך ניט.

(„וואו דו וואנדערסט זיך")

## ד

די קראפט אין לייוויקן צו באשיצן און באהיטן, די קראפט, וואָס ליגט אין דער צווייטער געשטאַלט זיינער, מאַכט אים צו פילן זיך זייער אָפט ווי א שולדיקער.

כאראקטעריסטיש פאַר דעם דאָזיקן שטריך אין אים איז א ליד אונטער דעם נאָמען טאקע „בין שולדיק, שולדיק„ ווען

עמיצנס א בייזער קול פארשיט אים מיט ווערטער ווי שלאַנגען, וואָס רעכענען אויס פאַרברעכנס, וואָס ער איז קיינמאָל נישט באַגאַנגען, ווערט ער אונטערטעניק, געדולדיק און

מיט ליפּן צוזאַמענגעדריקטע
איך מורמל: בין שולדיק, בין שולדיק!

דאָס געפיל פון שולדיגקייט פאַר זיך, וואָס אַנדרעע און ניט ער איז באַגאַנגען, דאַרף אַרויסגעלייענט ווערן אויך פון דעם ליד „די געזונקענע שיף". דער דיכטער דערזעט א באַשרייבונג אין א צייטונג און א בילד פון א געזונקענער שיף; ער לייגט אַוועק אָן א זייט די צייטונג און פאַרגעסט אָן דער געזונקענער שיף, אָבער דאָס פאַרגעסן זיך אָן דעם אומגליק, וואָס איז אַנדערע באַפאַלן, האַלט לאַנג נישט אָן. קענען זיין אייגענעם ווילן רופט די צווייטע געשטאַלט אין אים אַרויס א פיינפולן מיטגעפיל מיט ליידן, וואָס אַנדערע האָבן דורכגעמאַכט — דער פּועל יוצא פון א פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר זייערע שיקזאַלן.

אין טומל פון טאָג גיט א בליץ מיר אין קאָפּ ווען ניט ווען
די געזונקענע שיף, —
דערהער איך סיגנאַלן — זיי שיקט פון דעם אָפּגרונט צו מיר
די געזונקענע שיף.
אין מיטן דער נאַכט, ווען איך שלאָף, נעמט זיך וואַקלען
מיין הויז

ווי א געזונקענע שיף,
און פּלוצלונג דערהער איך סיגנאַלן פון ים גרונט:
מיך רופט

די געזונקענע שיף.
איך הער אויף צו שרייען, איך ווייס שוין: די ערד איז א ים
און מיין הויז —

א געזונקענע שיף.

דאָס געפיל פון שולדיגקייט צו אַנדערע, די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר אַנדערע, די באַרייטקייט צו טראָגן אזא גרויסן חלק

ווי עס לאָזט זיך פון זייער פּיין, צער און לייד, וואָס כאַראַקטערי־זירט די נשמה פון דיכטער, מוז באַנומען ווערן, כדי צו פאַרשטיין אַזאַ ליד זיינס ווי „ליכט".

דורך דעם דאָזיקן ליד לאָזט ער אונז וויסן, אַז ער איז נישט אַליין, נים באַזונדער, אַז כאָטש ער ווערט שוין אַלט, איז אָבער אַן עמיצער אין אים, וועמען ער רופט „דו", נאָך יונג, און ווער איז און ווער קאָן דאָס זיין דער עמיצער, דער „דו" אין אים, אויב נים זיין צווייטע געשטאַלט? — און ווייל זי איז אין אים, און ער פילט זי אַזוי שטאַרק, אַזוי טיף אין זיך, און ווייל ער פילט זיך אַזוי אינטים מיט איר, קאָן דאַריבער זיין פּנים זיין „אין ליכט פון ערדישן וואונדער, און זאַמד און שטיין, קאָן זיין זים צו זיין צונג", און אויפריסן קאָן ער דאַריבער „די שטילקייט פון הארץ" מיט אַזעלכע שורות ווי:

איך האָב עפּעס דערזען אונטער דעם מענשנס ברעמען,
אַזאַ אָנזאָג פון וואונדערלעכן בראָך,
און איך האָב אונטערגעשטעלט מיינע אַקסלען צו נעמען
דעם שווערסטן חלק אויף זיך פון זיין יאָך.
א, זון פון טאָג, האָב מיך ליב, האָב אויך ליב מיין שאָטן,
אַז דו וועסט מיך דאַרפן, צינד מיך אָן און פאַרברען.

דער דראַנג צו וועלן טיילן זיך מיט די שיקזאַלן פון אַנדערע, צו וועלן לעבן און איבערלעבן זייערע באַשערטקייטן, כדי אָנצופילן זיי מיט דער גליקזעליקייט, וואָס נאָר זי, איינציק און אַליין, קאָן געבן די נויטיקע כחות אַלץ אויסצוהאַלטן, איבערטראָגן און דורך אַלץ זיך זויבערן און לייטערן — דער דאָזיקער דראַנג האָט עס געלאָזט די וועלט דערזען אַזעלכע שורות אין ליד „אונזער גורל" ווי:

מענש איז אויך ערד —
לאָמיר אויפאַקערן איינער דעם צווייטן
און זייען, פאַרזייען
און אויפגיין אין לייב אין פאַרזייטן.

און רעגן וועט גיין
אויף ערד און אויף אונז,
און טוי וועט זיך לייגן אויף אונז
און שטויב און זון
און מעסער פון שניטער.

און ווייסן ווייסט דער דיכטער אויך פון מאָמענטן, אין וועלכע ער פילט זיך שולדיק פאר די שיקזאלן, נישט נאָר פון אנדערע מענשן, נאָר אויך פאר אַלע זאכן אין דער וועלט, וואָס קאָנען אליין צום אויסדרוק נישט קומען. אויך זייערע שיקזאלן נעמט ער אויף ווי זיינע אייגענע.

מזלות פון מענשן ליגן פאר מיר אָפן,
ווי די ליניעס פון מיין האַנט פלאַך,
דאָך ציטער איך אויף, ווי איבער א קינד אין שלאָפן,
איבער דעם מזל פון יעדער שטומער זאַך.

— — — — — — — — — — — — — — —

עס שלאָגן אָדערן אין ליימיגן חומר,
און איך הער דאָס געזאנג פון יעדן שלאָג,
שאָטנס פון אָוונט — נשמות פון ביימער,
וואָס קומען א זיי־געזונט זאָגן דעם טאָג.

(אָוונט)

זאמד און שטיין, בוים און מענש רעדן צו אים אויף א לשון, וואָס איז אומפארשטענדלעך צו גאָר א גרויסער צאָל מענשן; ער פילט דאָס שלאָגן פון זייערע אָדערן און דאָס ציטערן פון זייערע נשמות, און ער פילט זיך פאראנטוואָרטלעך פאר זייערע מזלות און גורלות, און שולדיק פאר זייער צער און פיין. ער פילט זיך שולדיק פאר דעם, וואָס ער געפינט נישט קיין וועג אויף אָנצולאָדן זיך מיט אזויפיל גייסטיקער גבורה, אז ער זאָל קאָנען אויף שטענדיק בלייבן אין זיין צווייטער געשטאלט; אז ער זאָל קאָנען איר שליחות אויס־פירן אין דער וועלט — די שליחות פון אן אמתן רואה ואינה נראה, די שליחות צו זיין אומעטום און איבעראל, מיט יעדן איינציקן

וועזן אין דער נאַרער וועלט; זיין לייד און טרויער צו פארנעמען ביז צו אַלע טיפעגישן.

און דאָס איז דער געדאנק, וואָס באַהערשט דאָס ליד „דאָרט וואו איך בין נאָך נישטאָ". ער זאָגט אונז אויסדריקלעך אין דעם דאָזיקן ליד, אַז מיט א פארגליווערטער געדולד טראָגט ער אין זיך א שולד, א באַהאַלטענע אין קלעם. און די שולד באשטייט אין דעם, וואָס ער פאַלגט נישט אויס דעם באַפעל, וואָס קומט צו אים נאכט נאָך נאכט אין א קלינגענדיקער שטים — דעם באַפעל זיך אָנצוטאָן אויף א ל ע מ אָ ל אין זיין גרייטן ווייסן קלייד אָנשטאָט בלויז איין מינוט יעדע נאכט. און אָנגעטאָן צו זיין אין א גרייטן ווייסן קלייד, מיינט אָנצוהאַלטן אויף שטענדיק די ממשלה פון דער צווייטער געשטאַלט איבער דער ערשטער. אָבער אפילו די איינציקע מינוט אין יעדער נאכט איז גורם, אַז ברייט צעעפנט זאָל זיין זיין אויג, אַז ער זאָל דערזען דעם ווייטסטן וועג און דערהערן דעם שטילסטן רוף.

דאָרט וואו איך בין נאָך נישטאָ,
גייט דערווייל מיין שטערן אויף.
יעדער שטערן, וואָס גייט אויף
וועט דערנעהענטערן די שעה . . .
לאנג שוין, אַז מען וואַרט אויף מיר
דאָרט, וואו איך בין נאָך נישטאָ . . .

און ווי דער דיכטער קען דורך זיין צווייטער געשטאַלט דערזען דעם ווייטסטן וועג, דערהערן דעם שטילסטן רוף און דערפילן דאָס וואַרטן אויף זיך דאָרט, וואו ער איז נאָך נישטאָ, אַזוי קאָן ער אויך זיך דערזען ווי א תושב פון נישט דער וועלט, וואו דורך אַלע גלידער פון זיין גוף שטראָמט א ליכטיקייט, וואָס קיין איינער פון דער וועלט זעט עס נים. אין זיין צווייטער געשטאַלט קאָן ער זיך זען נישט נאָר „א געקלעמטן, אַן אָפּגעטיילטן, א צוגעדעקטן, מיט אַן אָפּן פּנים צו דער גאַנצער וועלט, (אַזוי זיך דערזעען קאָנען גאָר א סך), נאָר ער קען אויך זיך דערזען אַזוי ווי גאָר ווייניק פון די דיכטער אפילו קאָנען זיך אַזוי זען. ער קאָן זיך דערזעען ווי א

פארשפרייטער פון ליכטיקייט און ליבע אויף מענש און אויף אלץ וואָס איז אַרום און איבער מענש. צו דער דאָזיגער זעאונג גיט ער אויסדרוק אין די לעצטע פיר שורות פון זיינע לידער אונטער דעם נאָמען „פערזן„ אין דעם בוך „אין קיינעמס לאנד„.

מיט אַן אויסגעשטרעקטן קאָפּ צום הימל הויב איך זיך אַרויס
פון אונטער דעם באַפּאַלנדיקן וואָרים,
טרייסל אָפּ פון זיך דעם ריח פון די אָנגעקלעפּטע שטיקער
רויען לייַם
און העכער פון מיין קאָפּ אַריבער שטרעקט זיך צו דער הויך
מיין ווייסער אָרעם

און שפּרייט זיין ווייסע ליכטיקייט אויף מענש און חיה,
גראָז און בוים . . .

## ה

זיך צו דערזען אַזאַ אייביק אָנקומענדיקן און אויף אייביק אויפקומענדיקן קאָן מען נאָר, ווען מען דערפילט בכל לב ובכל נפש די צווייטע געשטאַלט אין דעם מין מענש בכלל און אין זיך אַליין בפרט. און ווייל ער קאָן זיך אַליין זען אַן אַרויסגעהויבענעם פון אונטער אַ באַפּאַלענדקן וואָרים, קאָן ער שוין אויך דאַריבער אַליין פאַרנעמען און אונז אויף אַ שיינעם און שטאַרקן אופן איבערגעבן די ווערטער, וואָס דערטראָגן זיך צו אים פון זיין טאַטן, פון אונטערן בערגל, בעת ער שטייט נעבן קבר פון זיין טאַטן.

דער טאַטע, וועמען ער האָט זיך, אין לויף פון דער אַנטוויקלונג פון זיין צווייטער געשטאַלט, אויסגעלערנט צו זען „אין גרויס פון וועלט און ניט פון שטיבל ווענט", רעדט צו אים אָט אַזוי —

זון, דו ביסט דאָ.
גוט, גוט,
זאָל אויפגיין דיין שמייכל
ניט איבער קברים — נאָר בייטן.

— — — — — — — — — — — — — — —

ליגנדיק אונטערן ערד,
געזען האָב איך ליכט פון דיין לעבן —
ליכט פון א הארץ,
וואָס ערשט נאָכן טויט
ווערט עס אָפן.
ליגנדיק אונטערן ערד
געהערט האָב איך אלע געשרייען,
געזען אלע פיינען און שטראָפן,
און אויפגאנג פון נייטאג
און דיינע ארונטערגעלאָזטע דערווייטערטע אויגן.
הויב אויף דיינע אויגן
און זע, וויפיל ליכט איבער דיר,
און איבער דעם שטיבל,
וואו דו האָסט געגעבן דעם ערשטן געשריי
אין ווייסן לעגענדישן כסלו.
ליגענדיק אונטערן ערד,
האָט ליכט זיך צעעפנט,
האָט ווארט זיך אנטפלעקט — איך זאָל קענען
פאר דיר, ווען דוסט קומען
(און קומען, געוואוסט האָב איך, מוזטו)
דיך אויפנעמען
מיט לייכטע,
מיט קלאָרע,
מיט שטראָמיקע,
ליכטיקע ווערטער.

(טאטע לעגענדע אין בוך „לידער„)

דער אויפקומענדיקער טאטע האָט אין דעם צעעפנטן ליכט און דעם אנטפלעקטן וואָרט דערפילט דעם זיכערן אָנקום פון דעם, איבער וועמען עס שטראָמט אזויפיל ליכט. און ליכט שטראָמט נישט נאָר איבער אים, נאָר אפילו איבערן שטיבל, אין וועלכן ער האָט אין א הארבסטיקן, אָבער לעגענדיש־ווייסן כסלו געגעבן דעם ערשטן געשריי.

א טיפע און אמתע דערקענטניש איז געגעבן געוואָרן דעם טאַטן אונטערן בערגל ווענן זיין זון, וואָס איז, ווי דער טאַטע האָט פאַר־אויסגעזען און פאַראויסגעפילט, געקומען צום בערגל. טיף און אמת איז די דאָזיקע דערקענטעניש, ווייל פון די טיפענישן פון דער נשמה פון דעם זעלביקן זון זינגט זיך ארויס א געפיל, אז עפּעס וואונדערלעכעס לעבט אין אים, און אז זיין שמייכל איז נאָך ווייסער פון שיין און אז געגעבן געוואָרן איז אים א ווילן — צו זיין א ליכטיקער אויף אייביק, און א גלויבן — אז ער איז געקומען אויף דער וועלט מיט א הייליקן באַרוף. ער זינגט:

איך גלויב אין הייליקן אין מיין באַרוף,<br>ארומגיין איבער וועלט אַן אָרעמאַן<br>מיט רויטער באָרד און הויכן דארן גוף<br>און אלץ באַשפּירן מיט מיין חלף׳דיקן שפּאַן.<br>(„זינג נאָך אמאָל“, אין בוך „לידער“

דער דאָזיקער גלויבן, וואָס שלאָגט טיפע וואָרצלען אין זיין צווייטער געשטאַלט, האָט עס אים געגעבן א קול, „וואָס זיין אפּ־הילך זאָל דורכשניידן די וואַנט פון יאָרן און צו די נאָך נישט גע־בוירענע קינדער דערפליען“; אויגן — וואָס „זאָלן דערזען אלע עקן פון דער וועלט ווי זיי גייען זיך צוזאַמען“ און א געפיל ווי ער זאָל אין זיינע בײדע געשטאַלטן — אין זיין פלייש און אין זיין גייסט — זיין

— — בא אן אָנהויב, בא א מיטן, בא א סוף פון א געפלינדער,<br>א געפלינדער, א געפלאקער פון פאַרטאָגעדיקע, קיילעכדיקע פלאַמען<br>וואָס עס צינדן פון באַליידיקונג און צאָרן מיינע צוקונפדיקע קינדער

(„פערזן„ אין בוך „אין קיינעמס לאנד„)

מיט אזא געשטאַלטיקייט, וועלכע איז אים געגעבן געוואָרן, און מיט אזא געפיל, ווילן, גלויבן און זען, האָט די פרעמדקייט, וואָס אזויפיל פון אונז פילן דאָ אין אמעריקע, זיכער געמוזט האָבן

אויף אים גאָר אַן אַנדער ווירקונג, ווי זי האָט אויף אונז. אים האָט די פּרעמדקייט געגעבן פליגלען און פיל מוט צום גרויסן קאַמף צווישן די צוויי געשטאַלטן אין אים.

אין דעם עקסטראַקט פון אַ בריוו פון אַמעריקע צו אַ ווייטן פריינט זאָגט דער דיכטער:

און אַזאַ פרעמדקייט איז דאָ, וואָס גיט פליגלען
צו שוועבן איבער פּיליסטערשן רייך,
און אַלץ זען ווי דורך אָפענע שפּיגלען
און ניט איינתושב'ען זיך מיט אַלעמען גלייך.
און פון דערהויך שליידערן פייערן,
און פאַר איין מאָל זיין, אי תושב אי גר
און זען זיך אַליין פאַר ווייטע מיילען
און אין זיך אַליין צילן דאָס געווער.

און ווי ער קען צוליב זיין צוויי־געשטאַלטיקייט זען זיך אַליין פאַר ווייטע מיילן און צילן אין זיך אַליין דאָס געווער, אַזוי קאָן ער, צוליב דעם זעלביקן טעם, זיך אַליין צעשניידן און צעוואַרפן:

„דאָ — אַ האַנט, דאָ — אַן אויג, אַ באַק און
דערנאָך, — אַ צווייט געשריי צו דיר:
גיי אויף דו איבער מיר מיט דיין גוף;
אַן אָטעם, אַ הויך, אַ באַריר —
און קלייב מיך און זאַמל מיך אויף,

און וואָס וויל ער זאָל געטאָן ווערן מיט אים דעם אויפגעקליבענעם און אויפגעזאַמלטן? ער וויל „צו דער אָפענער וועלט און צום גרויסן וועג אַרויסגעטראָגן ווערן פון זיינע ענגע ווענט", אויף די הענט פון דעם, אָדער פון דער, צו וועמען ער שרייבט דאָס ליד „דו".

קלינגט עס נישט ווי אַ כּישוף? אוודאי, כּשוף דורך און דורך, ווייל פול מיט כּשוף, מיט וואונדער, מיט איבערנאַטירלעכקייט איז דאָס געפיל פון דער צווייטער געשטאַלט אין אונז. איז פאַרוואָס טאַקע ניט דערוואַרטן קיין כּשוף פון איינעם, וואָס זאָגט קלאָר און שאַרף —

אזא שם, א כשוף'דיקן האָב איך מיטגעבראַכט,
צו דעם שם מיין צייטוויייליקן נאָמען צוגעגעבן:
ווען נאָמען גוס'ט, ליגט בא מיינע פיס דערנעבען,
פלאַטערט איבער מיר דער שם דער אייביקער און וואר
(סאנעטן רינג)

און ווי איבער אים, אזוי אויך איבער זיין דיכטונג פלאַטערט און ווארט דער אייביקער שם; און א גאַנץ בעזונדערן, ביז גאָר אויסערגעוויינטלעכן ציטער רופט ארויס דער דאָזיקער פלאַטער אין אונזער נשמה.

# אין קיינעמס לאַנד — מיט זיך און מיט אַלעמען

## א

צוויי געשטאַלטן — איינע אַזוי פאַרשיידן פון דער אַנדערער — מוזן נאַטירלעך זוכן פאַר זיך צוויי פאַרשיידענע וואוין ערטער, צוויי פאַרשיידענע היימען אָדער לענדער — אַ געוויינטלעך און אַן אויסערגעוויינטלעך וואוין־אָרט. צו דעם אויסערגעוויינטלעך וואוין־אָרט אָדער לאַנד, צו „קיינעמס לאַנד", רייסט זיך נאַטירלעך די צווייטע, די טיפערע געשטאַלט. מחמת איינע פון די שטאַרקסטע אויסדרוקן פון טיפקייט, איז דאָך, אייגנטלעך, דאָס נישט קאָנען געפינען קיין אָרט פאַר זיך, דווקא דאָרט, וואו אַנדערע פילן זיך זייער באַקוועם; דאָס ניט זיין צופרידן מיט אַלעם דעם, וואָס די גרויסע מערהייט איז יאָ צופרידן; און דאָס פירט צו בענקשאַפט נאָך אַ לאַנד, וואָס קיינער קאָן ניט אָנרופן זיינס. אינדיווידואַליזירונג איז אַ ספּעציפישער שטריך פון די מענטשן, אין וועלכער די צווייטע, טיפערע געשטאַלט, אָדער דער „זעלבסט", הערשט איבער דער אויבערפלעכלעכער געשטאַלט, אָדער דעם „איך". עס איז נישט קיין צופאַל, דאַריבער, וואָס לייוויק האָט געלאָזט אַ גאַנץ בוך לידער זיינע גיין אונטער דעם נאָמען „אין קיינעמס לאַנד". עס איז אַ פאַל, וואָס איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר דער לייוויק פּערזענלעכקייט. און ווער ווייסט, אפשר האָט שעפּפערישע כוונה געפירט מיט לייוויקס האַנט, בעת ער האָט געלאָזט דאָס בוך לידער „הינטערן שלאָס" זיך עפענען מיט אַ ליד וועגן אַ פאַרבאָטן לאַנד, און זיך שליסען מיט אַ ליד וועגן אַ געהיימען לאַנד.

צום פאַרבאַטענעם לאַנד, וועמענס זילבעריק־בלויע בערג האָט נאָך קיינער ניט באַטראָטן — וואָס אויף זיין ערד וואַרטן אוצרות אויף אונז — געפינט נאָך נישט זיין וועג דער, וואָס וואַגלט א פאַרשאַטענער טיף אין שניי.

די דריי פינטעלעך נאָך דער לעצטער שורה: „צו דעם לאַנד, דעם פאַרבאַטענעם", איז אַן אָנדייטונג, אַז שוין דאָס שפּאַנען גופא צום פאַרבאָטענעם לאַנד, צו אַנען און חלומ'ען וועגן אים, איז פון גרויסן גייסטיקן ווערט פאַר מענש: דער אייביקער, אייביקער כלל, אַז נישט דאָס געפינען, נאָר דאָס זוכן איז די טרייבענדיקע קראַפט פאַר דער דערהויבונג, פאַר דער דערלייטערונג און פאַר־טיפונג פון מין מענש. דאָס, וואָס ווערט געפונען, דאַרף און זאָל בלויז דינען ווי א דערמונטערונג פאַר ווייטערע זוכענישן. עס ליגט אָבער אין דער טבע פון מענש נאָך דעם מאָמענט פון געפינען און געווינען, נאָך דער דערגרייכונג, באַהערשט צו ווערן פון דעם געפיל און דער שטימונג פון אָפּגעלאָזנקייט און אָפּגעשוואַכטקייט. דער שוין נישט מער שטאַרקער דראַנג פון דערוואַרטונג און האָפענונג, ברענגט מיט זיך געפילן פון מידקייט און גלייכגילטיקייט, וואָס האַלטן אָן ביז צו יענעם מאָמענט, ווען עס קומט ווידער אויפלעבונג און אינטענסיווע זוכעניש. דאָס איז דער געדאַנק, וואָס דאַרף, ווי איך גלויב, ארויסגעלייענט ווערן פון דעם קורצן און שיינעם ליד „רעגנבויגן", וואָס מיט אים שליסט זיך דאָס בוך „הינטערן שלאָס".

איבער מיר גייט אויף א רעגנבויגן, —
דער טייך, וואָס פירט צו מיין געהיימען לאַנד,
דעם זעגל אויף מיין שיף האָב איך שוין אָנגעצויגן,
האָב וועסלעם זיבן פאַרביקע אין האַנט.
דער וועג אהין שטראַלט דורך דורך מיינע אויגן,
און בויגיק איז דער אָרעם פון מיין האַנט:
נאָך איידער עס פאַרגייט דער רעגנבויגן,
דערגרייך איך צו די ברעגן פון מיין לאַנד.

פאַרנאַנגען איז שוין דער רעגנבויגן,
איך וואַרף אַוועק די וועסלעס פון מיין האַנט,
מיט זיבן טויטע פאַרבן אין די אויגן
געפאַנגען ליג איך אין מיין אייגן לאַנד.

## ב

א צווייגעשטאַלטיקער, אין וועמען עס גייט אָן א שטענדיקער אומברחמנות׳דיקער געראַנגל צווישן די געשטאַלטן אין אים, קאָן אָבער נישט ליגן לאַנג מיט זיבן טויטע פאַרבן אין די אויגן א געפאַנגענער אין א וואָסערן עס איז לאַנד, און דעריבער רופט דאָס ליד, מיט וועלכן עס עפנט זיך דאָס צווייטע בוך לידער, פון דעם גאַסיקן געשריי — אין קיינעמס לאַנד אריין! און אויב דער וועג איז ווייט פאַר איינעם, איז ער אָבער נאָענט פאַר צוויי. יעדער איינער מוז דאָך האָבן א צווייטן, וואָס זאָל ווערן אַן אָרגאַנישער טייל פון אים און פון זיינע געשטאַלטן — אויב נישט קיין ווירקלעכן צווייטן, איז אַן אויסגע׳חלום׳טן. און ווער נאָך קאָן אזוי גוט ווי א דיכטער ויסן, אז וואָס מער דער מענש שטייגט אויף דעם אומענדלעכן לייטער פון קולטור, אַלץ אומבאַמערקבאַרער און ווייניקער דייטלעך ווערט די ליניע צווישן וואָר און חלום. צו אָט דער דאָזיקער ווירקלעכער אָדער אויסגע׳חלום׳טער, צווייטער געשטאַלט ווענדט זיך דער דיכטער מיט די ווערטער:

פון דעם גאַסיקן געשריי
קום מיט מיר אין קיינעמס לאַנד.
ווייט פאַר איינעם, נאָענט פאַר צוויי
איז דער וועג צו קיינעמס לאַנד.
פון דיין אומעטיקן הויז
שטרעקסטו אויס צו מיר דיין האַנט,
אזא וואָרט איך זאָג ארויס,
אזא וואָרט פון קיינעמס לאַנד.
ווי אַן אויגן בליק פאַרגייט,
נעמען שווינדן נאָכאַנאַנד

הייזער, גאסן . . . לער און ברייט
שפרייט פאר אונז זיך קיינעמס לאַנד.

אָבער וואָס פּאַסירט, ווען די גוטע שעה פירט זיי צו צום לעצטן ראנד פון קיינעמס לאַנד? — עס פּאַסירט דאָס זעלביקע, וואָס עס האָט פריער פּאַסירט אין אייגן לאַנד: קיין צוריקקער, אמת, איז נישטאָ פון קיינעמס לאַנד. אָבער די ברייט און די לענג פון קיין שום זאך קאָן נישט צופרידן שטעלן די טיפערע גע־שטאַלט אין אונז, און עס הויבט אָן אָנגיין אינעווייניק אין דער נשמה, עפּעס אזוינס, וואָס קיינער (און ווער אחוץ גאָט קאָן יע אריינדרינגען אין עמיצנס נשמה?) קאָן ניט משיג זיין.

קיינער ווייסט ניט, אז שוין לאַנג
שלאָפן מיר פארוויגט ביינאַנד,
זינגענדיק דעם טויט געזאַנג
אויף דער גרויס פון קיינעמס לאַנד.

אָבער דאָ קומען ווידער דריי פּינטעלעך. און פאר מיר זיינען די דאָזיקע פּינטעלעך געווען אן אנרעג צו דער מחשבה, אז אויב די גרויס פון לאַנד רופט ארויס דעם געזאַנג פון טויט, ווערט די צווייטע געשטאַלט אין דעם דיכטער אים שטויסן אראָפּצולאָזן זיך אין דער ט י ף פון לאַנד. און דערפרייט האָב איך זיך באמת, ווען איך האָב דערזען, אז ס'איז טאַקע אזוי געווען, ווי איך האָב געטראַכט.

אין דעם ליד, „אונטער די טריט פון מיינע פיס", דערציילט אונז דער דיכטער, אז דאָס אומאויפהעריקע נערוויש־געזאַנג פון זיין לעבן, הערט ער, שטראָמענווייז, אָדערנווייז, אין די טיפע טיפעניש פון דער ערד. און אן אריינגעדרונגענער מיט ביידע אויגן אין דעם דיקן שיכט ערד, וואָס אונטער זיינע פיס, זעט ער:

לאבירינטן געצונדענע
אין פייערן, וואָס מען זעט נאָר אין חלום;
טויערן ווארטנדיקע
מיט אָפענקייט, וואָס מע זעט נאָר אין חלום;

און איבער זיי און דורך זיי
שטראָמענווייז — אָדערענווייז
דאָס לעבן, וואָס מען זעט נאָר אין חלום.

און ארומגייענדיק אזוי אויף דעם דיקן שיכט ערד, טראָגט אין זיך דער דיכטער שטראָמענווייז — אָדערענווייז די פרייד פון די אונטערשטע טיפענישן.

און ווי ער קאָן דורכברעכן הארטקייט און דורכדרינגען טיפֿקייט אויף צוצוקומען צו דעם, וואָס ליגט פון יענער זייט פון אונזערע חושים, אזוי קאָן ער אויך זיך אריבערוואַרפן אין ווייטקייטן, וואָס קאָנען פון חושים ניט באַנומען ווערן. ניין, נאָך מער, ער קאָן אין זיי זיך ארייַנוואַרפן; ער קאָן טרינקען און הנאה האָבן פון דער ווייטקייט ווי איינער, וואָס האָט הנאה פון שוימענדיקן וויין אין א בעכער, אָדער פון דער שיינקייט פון א פרוי, אויף וועלכער זיינע אויגן זיינען אָנגעשטעלט. פאר דעם אוניווערסאליזם פון זיין גייסט און פאר זיין כח צו דערנענטערן דאָס ווייטע, צוצוקומען צום הויכן און דורכזיכטיק צו מאַכן די אומדרינגלעכקייט — זיינען כאַראַקטעריסטיש די שורות אין זיין בוך „לידער".
אין זיי דערציילט ער אונז, אז ער האָט א פריינט אין א לאַנד א ווייטן, צו וועלכן ער שרייבט לידער אָנשטאָט בריוו, און ווייל לידער און ניט קיין בריוו — קאָן ער דאריבער לאָזן וויסן, ווי אזוי צווישן דער ווייסקייט פון דער לבנה און דער ווייסקייט פון שניי, וויגט זיך זיין גוף איבער אלע פיר זייטן ווי א זעגל שיף. און דערביי ניט ער אליין צו, אז עס איז נישטאָ נאָך איינער, וואָס זאָל זיך פארגלייכן צו אים אין אוים'חלום'ען אזא מין לאַנד. דאס איז א לאַנד, וואָס כאָטש ער יאָגט זיך אויף באַנען און וואָגלט אויף טייכן, בלייבט ער אָבער אלעמאָל באַם פארבאָרגענעם ראנד. און ווען ער זאָגט דאָ „ער", מיינט ער, נאַטירלעך, דעם „ער" פון דער ערשטער געשטאַלט, ער מיינט דא דעם „איך" און ניט דעם „זעלבסט". דער גופיקער „איך" בלייבט שטענדיק באַם פארבאָרגענעם ראנד. און דערפאר איז דער דיכטער שרעקלעך אין כעס אויף דעם גוף, און מיט טיפן ווייטיק שרייט ער אוים:

פאראורטיילטער גוף, ביזן לעצטן פון גלידער
פארקלאמער, צעברעך אין געשריי פון קראמף;
א, לעבן מיינס — בלוט און שפייז פאר לידער
פאר אומברחמנות'דיקע און שארפע ווי קאמף.

ג

אָבער דער גייסט ווייסט ניט פון קיין פארבאָרגענעם ראנד. די צווייטע געשטאַלט רייסט דורך אַלע ראנדן. זי דרינגט דורך דאָס פיזיש אומדרינגלעכע און דאָס פון רוים און צייט באַגרע־נצטע. מיט די אויגן זיינע, וואָס ווערן, ווי מיר האָבן פריער געזען, ווי טאנצדיקע פייערן און וואָס ברענען ערגעץ וואו לאַנג נאָכדעם ווי זיי האָבן אים פארוויגט, ווייזט ער גאָר גרויסע וואונ־דער. מיט די דאָזיקע אויגן — אויגן פון דער צווייטער געשטאַלט, שטעכט ער דורך ווענט און שויבן, און ער דערגרייכט אהין, וואו ער וויל דערגרייכן.

דורך ווענט און שויבן שטעך איך דורך מיינע אויגן,
איך טרינק דיין ווייטקייט, ווי א גליק געטראנק.
נאָך איידער מיין ליד איז צו דיר דערפלויגן,
שיק איך נאָך א צווייטס — אזא מין דאנק.
(„איך האָב א פריינט אין לאנד א ווייטן)

און פונקט ווי ער קאָן זיך פילן אָן אָנגעהעריקער צו א פריינט א ווייטן, אין א לאנד אן אויסגע'חלום'טן, אזוי קאָן ער זיך פאר־שטעלן א צייט און א צושטאנד פון נים געהערן צו קיינעם. קיינער זאָל נישט ווי(ס)ן, קיינער זאָל נישט טרעפן, נישט וואו, און נישט ווען, ער וועט זיין איינער און אליין. דאָס איז דער צושטאנד, ווען מען דערפילט די אייביקייט אָדער דעם ריינעם דויער; דאָס איז דער צושטאנד, ווען מען איז אויף דעם נאָענטסטן און אינטימסטן אופן אנגעשלאָסן און אָנגעבונדן אָן דעם זיך־זעלבסט־פאראורזאכנ־דיקן וועזן; דאָס וועזן, וואָס ענטהאלט אַלץ און אַלעס אין זיך, און איז אליין ענטהאלטן אין אַלץ און אין אַלעס. אזא געפיל פון אליינ־

קייט פילט אוים ביז צו אלע ראנדן אונזער גייסטיקן וועזן, און ווערט אן אומדערשעפלאכעד קוואל פאר גליקזעליקייט און פאר אלע מעגלעכקייטן פון א העכסט ספּיריטואלן לעבן. אין אזא צו־שטאנד ווערן אלע געשטאַלטן צונויפגעשמאָלצן אין איין געשטאַלט; אלע וואוין־ערטער אין אָרטלאָזיקייט, אלע מאָמענטן אין צייטלאָ־זיקייט. מיר געהערן דעמאָלט צו קיינעם ניט און געהערן צו אלעמען — צו אלעמען אָן אן אויסנאַם. מען פילט זיך אין גאָט אזוי שטאַרק, ווי מען פילט גאָט אין זיך. אידענטיפיצירט ווערט אין דעם מאָמענט גאָט מיט מענש און מענש מיט גאָט. צו דעם דאזיקן מיסטישן געפיל, וואָס כאַפּט ארום מענשן אין געציילטע מאָמענטן פון זייער לעבן, האָט געגעבן א שיינעם און שטאַרקן אויסדרוק, נאָך א גאָר יונגער דיכטער אין די פאלגנדיקע ווערטער:

איך בין די אייביקייט,
וואָס לעבט דורך מיר;
איך בין די ליבע,
וואָס פליסט דורך מיר;
איך בין דער קאָסמאָס,
וואָס אטעמט דורך מיר;
איך בין גאָט,
וואָס ווערט געטלעך דורך מיר;
איך בין דויער אין צײַט,
איך בין גאָט אין מענטש.
איך בין.
אייביק בין.

(שיקאגאָ „קוריער„ דעם 11טן דעצעמבער)

טיפע מיסטיק שלאָגט ארוים פון די ווייטערדיקע שורות אין לייוויק'ס בוך „לידער".

דורך אלץ, וואָס איז מיט מיר געשען,
האָב איך נישט אויפגעהערט דעם קול צו הערן,
האָב איך נישט אויפגעהערט פאר איין מינוט צו זען
די שעה, ווען איך וועל קיינעם ניט געהערן.

פריינט, דו מיינער, קיינעם, אויך ניט דיר,
א פלינקער ווינט וועט לויפן און וועט יאָגן,
וועט קומען קלאַפּן אין דיין שויב און טיר,
א ווייסע בשורה ברייינגען דיר צוטראָגן.

א ווייסע בשורה וועגן א ווייסן פריינט.
פון וואנען? ווען? זאָל בלייבן ניט געטראָפן;
ס'וועט האַלבער טאָג זיין אָט אזוי ווי היינט,
און אלץ ווי היינט בלענדנדיק און אָפן.

און איינער, וואָס קאָן זיך פארשטעלן א מאָמענט, ווען ער וועט קיינעם נישט געהערן — גראָד ער איז מער מסוגל פאר אלע אנדערע צו אלעמען געהערן און אלעמענס „צער און פיין אויפנעמען". אז דאָס איז אזוי, איז צו זען פון די לידער „ווינט" און „הספד אויפן טויט פון א קראַליק מיט רויטע אויגן".

***

א ווינט איז געקומען און האָט א בראך געטאָן אנ'עפּל־בוים, אוועקגעטראָגן זיך ווייטער, און איבערגעלאָזט דעם בוים מיט א בראָך.

דאָס איז געווען דעם בוים'ס רעכטע האַנט,
און א צעבראָכענע האַנט איז אויך פאר א בוים ניט גוט;
דער צו האָט ניט אויפגעהערט צו טריפן נאָכאנאנד,
פון דער אָפענער וואונד אזא לויטערע בלוט.

ווען דער דיכטער דערזעט די אָפענע וואונד, שפּארט ער אונטער דעם צווייג מיט שטריק און ברעט; ער נעמט ארום מיט די פינגער און גלעט די פארנאַנדערגעריסענע טיילן פון דער וואונד, און ווי מען רעדט צו א מענשן, אזוי רעדט ער צום בוים: „ניט וויין, ניט וויין, וועסט ווערן געזונט".

און ביינאַכט לאָזט נישט צורו דעם דיכטער דער בראָך פון בוים.

אָבער אין אמת'ן האָב איך קיינמאָל נאָך
אזוי קראַנק נישט געשליידערט זיך אויף מיין בעט:
וואָס טוט מען? ווי האַלט מען אוים א בראך?
אזוי האָב איך ווי אין היץ צו זיך גערעדט.

און אינדערפרי האָט זיך ארויסגעוויזן, אז דעם דיכטער'ס מתעסק זיין זיך מיט דעם צעבראָכענעם צווייג, האָט געפירט צו דעם, אז דער בוים זאָל נישט פארלירן זיין צווייג: עס האָבן זיך אָנגעהויבן ווייזן סמנים פון צונויפוואַקסונג.

אין דעם באַגינען האָט זיך געפילט א שטילע פרייד,
און דער בוים האָט זיך אָפּגעפרישט מיט נייעם ליכט,
און איך האָב ווידער צו אים גערעדט רייד
ווי צו א טייערסטן מענשן, געזיכט צו געזיכט.

אזוי אויך דערזעט דער דיכטער ווי א דאָקטאָר פּאַלמעסט א ווייסן קראָליק, פון וועלכן עס שטראָמט פריש בלוט. ער זעט צו, ווי אזוי דאָס פאר'חלשט'ע קראָליקל ווערט אָפּגעטיילט פון אַלע אנדערע, ווייל א דאָקטאָר דאַרף דערגיין עפּעס דורך עקספּערימענטן; ווי אזוי דאָס קראָליקל ליגט אָפּ גאַנצע מעתלעתן שטיל און שטום, די אויגן בלענדנדיק, און ווי דער טויט וויגט און וויגט אים, ביז ער וויגט אים איין אויף שטענדיק. און דאָ קומט דער אויסגעשריי פון די טיפעניש פון דעם דיכטער'ס נשמה:

קראָליקל, דו ברודער מיין,
איך זע צום פּאַלמעסט־טיש דיך טראָגן,
איך נעם דיין טויט אין זיך אריין,
און איך טו דיין טויט באַקלאָגן.

— — — — — — — — — — — — — —

אָ, פארוואָס? צו וואָס? פאר ווען?
נאָר אַלטמאָדיש טו איך זאָגן:
ווייַ צום אויג, וואָס דאַרף עס זען,

ווייַ צום מויל, וואָס דאַרף באַקלאָגן.
ווערטער זוך איך דיר צום לויב,

קראליקל מיט רויטע אויגן:
ווינט טראָגט שניי, און ווינט טראָגט שטויב,
ווערט אויך וואָרט אין ווינט פארפלויגן.

(צוקונפט מאי 19, 1933)

א שטילער, טיפער און שיינער אויסדרוק פון דעם געפיל פון אָנגעהעריקייט צו אַלעמען — צו גרעזל, צו חיה, צו מענש און צו גאָט — איז דאָס ליד „אין דרעמל גראָז און בלום" — איינס פון די פילע „גן עדן לידער" לייוויק'ס. צוליב דעם טיפן איינדרוק, וואָס דאָס ליד מאַכט אויף אונז, ווילן מיר עס דאָ איבערגעבן שורה פאר שורה.

אין דרעמל גראָז און בלום,
דער אָוונט נעמט זיך שיידן;
מיר גייען שטיל ארום,
ווי צדיקים אין גן עדן.

איין שנירעלע פון בלוט
טוט אַלעמען פארקניפּן;
די ווייסע חכמה רוט
אויף אַלע אונזערע ליפּן.

פון ערגעץ קומט א ווינט
מיט שטורעם טריט צו שפּאנען,
דערמאָנט אונז און פארבינדט
מיט וועלטן ניט פון דאנען.

ליב — לעב — לאנג,
געזאנג אזא פון וועלטן;
מיר נעמען מיט ס'געזאנג
אין צעלן און געצעלטן.

די נאַכט אין ווייסער העמד
שטייט פיבערדיק צו קאָפּן,
און שפּריצט אויף דיל און ווענט
געווירצטע שלאָף־טרונק טראָפּן.

(צוקונפט 1933)

דאָס טיפע געפיל, אז איין שנירעלע פון בלוט טוט אלעמען פארקניפן, און אז די ווייסע חכמה רוט אויף אלע אונזערע ליפן — דאָס דאזיקע געפיל, אין פארשיידענע ווערטער און קלאנגען, אין פארשיידענע ניואנסן און שאטירונגען, קומט צום אויסדרוק כמעט אין אלע לידער פון דעם דיכטער ה. לייוויק. אין קיין שום ליד אָבער האָט דאָס דאזיקע געפיל, וואָס איבערפילט די נשמה פון דיכטער, זיך ניט דורכגעשלאָגן מיט אזא דיכטערישער שיינקייט און עטישער דערהויבנקייט, ווי אין דעם ליד „די באלאדע פון דענווער סאניטאריום".

ד

אין דער „באלאדע פון דענווער סאניטאַריום" ווערט באזונגען ניט דער טויט פון יעזוס און ניט דער טויט פון משה, נאָר דער טויט פון דעם אומבאקאנטן נתן ניומאן, וועלכער שטארבט אויף א פראָסטן בעטל בא א פראָסטער וואנט. נתן ניומאן שטארבט אָבער מיט דעם זיכערן געפיל, אז אויב נישט יעדערער פארן טויט קאָן זיין אזוי גרויס ווי שפינאָזא, קאָן אָבער יעדערער זיין אזוי ריין און לויטער ווי שפינאָזא. און אָט די ריינקייט און אָט די לויטערקייט פון נתן ניומאן פארכאפן דעם דיכטער אזוי שטארק, אז ער דערפילט זיך א טייל פון אים, א טייל פון זיין צער און זיין פיין, ווי אויך א טייל פון זיין זעליקייט און גליקזעליקייט. און דורך דעם דיכטער דערפילן מיר זיך ווי ארייגעוועבטע אין דעם גוף און אין דער נשמה, אין דעם לעבן און אין דעם טויט פון דעם „ליבן יונג מיט קרויזן שווארצע האָר, וועלכער איז צו זעכצן יאָר געקומען אהער, געקומען און אָפגעלעגן אויפן שפיטאָל בעט פופצן יאָר —

און אין די פופצן יאָר פון אזא ליגן
אין צימער פון דענווער שפיטאָל, —
די וועלט אויף יענער זייט פון שוועל און שטיגן
האָט דורכגעמאכט געשעהענישן אזא צאָל.

צו אלע וועלט־געשעהענישן האָט ער — ניומאַן —
די פינגער אויסגעשטרעקט ווי ליכטלעך דין,
און דורכזיכטיק דורך זיי געזען, באַקומען
א ווייסע וועלט נשמה און א ווייסן זין.

דער דיכטער לעבט זיך אזוי טיף אריין אין דער נאָענטקייט צווישן דער נשמה פון נתן ניומאַן און דער נשמה פון דער וועלט, אין דעם ווייסן זין, וואָס אזא געפיל מוז ארויסדרינגען פון זיך און פון וועלט, אז אים דוכט זיך ווי די ראקי בערג מיט זייערע ווייסע קעפ דריקן אוים א דראנג צו שליסן א בונד פון ברידער־לעכקייט מיט נתן ניומאַן; א בונד, וואָס זאָל שטארקן און פאר־טיפן זיין געפיל, אז דאָס וואָס מוז און וועט באַלד געשען, באַטייט אן איבערגאנג בלויז פון א צייטווייליקער אין אן אייביקער עקזיסטענץ.

ער קערט אליין דעם קאָפּ אום צו די שויבן.
ער זעט די בערג. זיי האָבן אים דערקענט.
די ראקי בערג מיט ווייסע קעפּ געהויבן,
כאָטש ריר זיי אָן, זיי ווערן אזוי נאָענט.

זיי שטייען אויסגעפּוצט אין העלע שנייען,
צונויפגעשמידט אין ברידערלעכער קייט,
און רויטע פליגלען איבער שפּיצן ווייען,
און ווערן זילבערדיק אליין פארשנייט.

די העכסטע שפּיצן בויגן זיך אריבער, —
אָט דוכט זיך, גיבן זיי די קייט א ריס,
און נעמען שפּאנען איבער טאָלן, גריבער
מיט הייליקע, בראשית׳דיקע פיס.

און וואָס שטארקער און וואָס טיפער דער דיכטער דערפילט די נאָענטקייט צווישן וועלט נשמה און דער נשמה פון נתן ניומאַן, אַלץ נאָענטער און אינטימער, אַלץ מער אָרגאַניש געבונדן פילט ער זיך אליין מיט נתן ניומאַן.

ער דרעמלט איין. איך זיץ. איך היט אים.
איך נעם אריין אין זיך זיין גאנצן מהות —

— — — — — — — — — — — — — —

איך זיץ, איך היט. איך ווער אליין פארשלונגען.
איך ווער אויפגעלייזט אליין אין סודות פון פיין,
אין סוד פון זען ארויסהויבונג פון לונגען,
דורך שויב דורך אָפענער אין זון אריין.

די פייאיקייט פון דעם שכן זיינעם, דעם אידישן פּאָעט, זיך אויפצולייזן אין סוד פון יענעמס פיין, האָט נתן ניומאַן טיף אין זיך באַנומען, און דערפאר, ווען ער דרעמלט איין אין זעליקייט, חלומ'ט זיך אים, ווי די האַנט פון שכן איז אדורך געקראָכן דורך וואנט, און אָט דערלאַנגט זי שוין זיין בעט.

א מאָדנער מענש דער שכן — וויל ניט ליגן.
ער שליידערט זיך ארום ווי אין א צעל;
ער טראָגט אין זיך א גלגול פון א נגון,
און זוכט א תקון אויף א בלוטיק שוועל.

דער שכן האָט, באַזוכענדיק אים נעכטן,
געערדט פון היינעס און שפינאָזא'ס טויט:
צי קומט איצט ניט זיין האנט צוזאַמענפלעכטן
דעם טויט פון אלע אין איין וואונדער קייט?

עס איז די מאָדנעקייט פון דעם שכן: זיין שליידערן זיך, ווי אין א צעל, זיין טראָגן אין זיך א גלגול פון א נגון, זיין זוכן א תקון אויף א בלוטיק שוועל, וואָס האָט מעגלעך געמאכט פאר אונזער דיכטער צו דערבליקן דאָס, וואָס אנדערע האָבן ניט דער־בליקט. אזא ארײנבליק האָט געפירט צו דעם, אז ער זאָל זיך ארײנלעבן אין אלע טיפענישן פון יענע ווינקעלעך פון נתן ניו־מאַנ'ס לעבן, וואָס זיינען געווען לחלוטין אומבעקאַנט, אינגאַנצן אומדורכדרינגבאר פאר די אויגן פון אלע, וואָס האָבן געקענט און געוואוסט אָט דעם נתן ניומאַן. „אין ספּיוואַק'ס הויז איז נתן

ניומאַן געווען דער אינגסטער און איז אין לויף פון צייט געוואָרן בכור, זיין גוף — דער אויסגעאיידלטער, דער גייסטיקער, האָט דורכגעטראָגן אַלע פופצן יאָר". אז ניומאַן איז קראַנק, געפּערלעך קראַנק, האָבן אַלע געוואוסט. אז ניומאַן ליידט פון אַלערליי ווייטאָקן און פּיינען, האָבן זיך משער געווען אַלע די, וואָס האָבן זיך מיט אים אינטערעסירט. ווער קאָן זיך עס ניט פאַרשטעלן די ווייטאָקן און פּיינען פון איינעם, וועלכער

איז געווען צו יונג פאַר תפיסה קייטן,
נאָר ניט צו יונג פאַר טויטענדיקער דער,
פאַר וואַנדערן פון איין שפּיטאָל אין צווייטן
ביז אָנקומען אין ספּיוואַק הויז אהער.

געבליבן איז עס אָבער נאָר פאַר זיין שכן, דעם דיכטער, אַליין זיך צו דערוויסן און אונז וויסן צו לאָזן, אז אויך נאָר א סך מאָמענטן פון זעליקייט און גליקזעליקייט האָט דורכגעלעבט און איבערגעלעבט — נתן ניומאַן. ווי יונג נתן ניומאַן איז געווען, ווען די שווינדזוכט האָט ביסלעכווייז אָנגעהויבן צו פאַרצערן זיין קערפּער, איז ער דאָך שוין געווען — ווי דער דיכטער דערציילט אונז — „גרייט אַריינצוגיין אין קעמפערס בראַווער ריי, וואָס גייט צו א נייער וועלט דורך פּיין און קייטן"

ער פלעגט אין שטעטל א פאַרכאַפּט פאַרבליקטער —
ניט אָפּטרעטן פון שוואַרצער תפיסה טיר,
צו מיטגיין כאָטש אין גאַס מיט די פאַרשיקטע
אין זייער מאַרש צו אייביקער סיביר.

די דערינערונגען וועגן יענע, וואָס זיינען גרייט געווען צו ברייינגען זיך פאַר א קרבן פאַר דער דערלייזונג פון וועלט און מענטש, און די דערינערונגען וועגן דער אייגענער גרייטקייט צו זיין איינער פון די דאָזיקע בראַווע העלדן, זיינען געקומען צו אים אין די שווערסטע און עלענדסטע מינוטן פון זיין לעבן. זיי האָבן געבראַכט מיט זיך נשמה לייטערונג, וואָס טראָגט אין זיך גליק און גליקזעליקייט. די דערינערונגען וועגן דער גרייטקייט אויף

מסירת נפש זיינען אויפגעקומען גלייכצייטיק מיט דעם געפיל פון פארשקלאפטקייט פון דער ארומיקער וועלט. און דאָס האָט נאָך מער פארשטאַרקט אין אים דעם דראנג צו אנטוויקלען אין זיך א געפיל פון פרייהייט און אומאָפּהענגיקייט און א באוואוסטזיין וועגן אן איניגען ווערט, וואָס זאָל אים געבן מוט און שטאַרקייט בייצוקומען דאָס אוועקגייענדיקע אין ליכט פון אָנקומעדיקן. א דאנק דעם דערפילט ער א מין קאטעגאָרישן אימפעראטיוו פון דעם העכערן מענטש אין זיך — (אן אימפעראטיוו פון א געוויסן ווינקל אין זיין נשמה, וואָס איז צו אים אליין נישט אלעמאָל אָפן און אנטפּלעקט) — אויפצונעמען דאָס אומפארמיידליכע מיט ווערדע און שטאָלץ. און דאָס דאָזיקע געפיל גופא רופט ארויס א צווייטן געפיל פון אָנבונד אָן אזא מין עקזיסטענץ, וואָס איבערשטייגט די עקסיסטענץ, פון וועלכער ער וועט באלד אָפּגעריסן ווערן. דאָס דאָזיקע געפיל לייטערט און זעליקט אים.

דאָס ליד פון צייט ווערט הייליק אויסגעזונגען
ערשט דאָ אין קעניגרייך פון טובערקול;
דורך פליימן — קעמערלעך געוועב פון לונגען —
סעקונדן דינסטע ווערן אויסגעאָטעמט פול,
דער איבעררייס מיינט נאָר מיט וועלט פון גוף'ן

נאָר ניט מיט וועלט פון אויסגעטרוימטן גייסט.
די קאַמף מאַרטירער — יענע טוט ער רופן
און אָט אָ, דוכט זיד אים, ער נעמט און שפּרייזט.

ער שפּרייזט אַנטקעגן זיי, ער פליסטערט ווערטער,
די הענט מיט ליבשאַפט נעמען זיי ארום ;
נאָר ניין: — פארווערט. ער מוז א ניט דערהערטער
אַנידערלייגן זיך צוריק און שמייכלען שטום.

ער שמייכלט שטום. ס'איז גוט אזוי צו שמייכלען.
א ג ר ו י ס ע  ו ו ע ל ט: א שראנקל מיט א שלאָס,
א טישל. אויפן טישל א פּאָר ביכלעך,
א פיבער מעטער און א פלאַש און גלאָז.

א זייגערל, א פען — זיין גוטע שוועסטער,
זי האָט אים אַ מתנה דאָס געשיקט —
ער שרייבט איר בריוו מיט אותיות מיט פעסטע,
ער האָט הנאה ווען די אותיות ער דריקט.

ער האָט זי ליב. — ער גלעט דאָס ציפער בלעטל,
און זי האָט אים נאָך מערער ליב.
און נאָך איינע איז דאָ. —
א שוועסטער און נאָך עפּעס מער.

— — — — — — — — — — — — — —

זי האָט אים ליב און ער האָט ליב נאָך מער.

אָט די אלע איבערלעבונגען אין דער נשמה פון נתן ניומאַן רופן ארויס די ווערטער צו זיין שכן דעם דיכטער:

— — — איך בעט, פארגיט,
זאָל בלייבן אין זכרון בא אייך, אז ניומאַן
האָט פארן טויט זיין שטאָלץ דאָך יא פארהיט.

שפּינאָזא, האָף איך, וועט אויף מיר ניט בייז זיין
פאר צולאָזן א כעס א י צ ט אין הארץ אריין.
ניט יעדער פארן טויט, ווי ער קען גרויס זיין,
נאָר ריין און לויטערדיק קען יעדער זיין.

יעדער ווי יעדער, אָבער נתן ניומאַן, ווי ער האָט זיך אנט־פּלעקט צום דיכטער ה. לייוויק, איז עס זיכער געווען. און צוריק ווידער, ווער ווייסט וויפל נאָך נישט אַנטפּלעקטע, נאָך נישט דער־קענטע נשמה־מענטש און מענטש־נשמה אוצרות עס ליגן אין די מיליאָנען מענטשן. זיי ליגן נישט אַנטפּלעקטע און נישט דערקענטע נאָר דערפאר, וואָס קליין איז נאָך בא אונז די צאָל פון דיכטער, וואָס זאָלן געבענטשט זיין מיט גאָט'ס גרויסער מתנה, צו קאָנען, ווי לייוויק, דורך זיין טיפן באַוואוסטזיין ווענן דער צווייטער גע־שטאַלט אין זיך און אין אנדערע, דערפילן ווי הייליק עס איז „דעם מענשנס לעבן" — זיין צער פון בלוט, פון גלידער און פון הויט".

די ריינקייט און לויטערקייט, וואָס האָבן באַגלייט נתן גיומאַן צו זיין טויט, האָבן, ווי עס ווייזט אויס, פיל געהאָלפן דעם דיכטער צו פאַרשטיין שפינאָזאַ׳ס גרויסקייט: שפינאָזאַ׳ס גרויסן און טיפן באַנעם פון גאָט, וועלט און מענטש; שפינאָזאַ׳ס דערהויבענע ליבע צו גאָט און זיין טיפע איבערגעבענקייט צום שיקזאַל פון מענטש. אין די נעכט, ווען דער מאָדנער שכן, דער דיכטער אונ־זערער, האָט — ווי ער לאָזט נתן גיומאַן דערציילן וועגן אים — זיך ארומגעשליידערט ווי אין א צעל, איז שפינאָזאַ׳ס ווערק „די עטיק", געלעגן א צעעפנטע פאַר די אויגן פון דיכטער, און טיף גע־קנייטשט האָט ער איבער איר זיין שטערן ביז צו דער צייט, ווען די באַרמהאַרציקע שוועסטער האָט אים פאַרבאָטן וואָך צו זיין.

זי נעמט ארויס פון מיין האַנט
שפינאָזאַ׳ס ווערק און זאָגט:
שוין שפעט אין נאַכט, מיין פריינט,
די צענטע שעה שוין שלאָגט.
זי דרייט דאָס לעמפּל אויס,
זי פליסטערט צו: גוט נאַכט.
די שוועסטער גייט ארויס,
דאָס בוך בלייבט ליגן פאַרמאַכט.

אין פאַרלויף אָבער פון די שעהן, ווען ס׳איז אים יאָ דערלויבט געווען צו פאַרטיפן זיך אין שפינאָזאַ׳ס בוך, האָט ער אריינגעזאַפּט אין זיך, און אייגן איז אים געוואָרן דער גרויסער זין פון אינטעלעקט־טועלער ליבע צו גאָט; די גרויסע מעגלעכקייט אַנדערש צו באַנע־מען, אין ליכט פון דער אינטעלעקטועלער ליבע צו גאָט, דעם זין פון גוטס און שלעכטס און די אומבאַגרענצטע מעגלעכקייט פאַר גליקזעליקייט, וואָס די ליבע טראָגט אין זיך.

און אויב די באַרמהאַרציקע שוועסטער האָט אים געקענט פאַרבאָטן צו לייענען שפינאָזאַ׳ס ווערק, האָט זי אָבער נישט גע־קאָנט אים צוריק האַלטן פון חלום׳ען וועגן שפינאָזאַ׳ן און צו הערן אין שלאָף שפינאָזאַ׳ס ווערטער צו דער נאַכט און צו דער וועלט. ווערטער, וואָס געבן איבער נישט נאָר שפינאָזאַ׳ס לערע, נאָר אויך

די געפילן און די דערקענטעניש, וואָס שפינאָזאַ'ס לערע האָט אין אים, אין דעם דיכטער לייוויק, ארויסגערופן. און אפשר זיינען זיי גאָר צו אים בירושה איבערגעגעבן געוואָרן? און נים נאָר שפינאָזאַ'ס לערע, נאָר אויך די גאַנצע שפינאָזאַ פערזענלעכקייט. דורך דעם דיכטער'ס אויסגעשריי אין חלום: „אָ, געטליכער, איך ריר דיך אָן. וואַך אויף! שטיי אויף! דערקאָן!" — לאָזט זיך גאָר א סך פון דעם דיכטער גופא צו אונז דערקענען.

פון שפינאָזאַ'ס ווערטער, וואָס דער דיכטער הערט אין חלום, דערוויסן מיר זיך אז די פרייד, מיט וועלכער שפינאָזאַ האָט אויפגענומען דעם טויט, די פרייד, וואָס איז געקומען פון זיין פילאָזאָפישער רואיקייט און פון זיין דערבליקן אלץ אין ליכט פון אייביקייט, אז אָט די פרייד האָט צום שטאַרקסטן פארכאַפט די נשמה פון דעם דיכטער לייוויק. און דערשפירט האָט ער וואָס ׳פאר א קוואַל פון גליקזעליקייט עס איז געווען פאר שפינאָזאַ'ן דאָס בוידעם שטיבל אויף יענער זייט האָס און פאר־איבל. אין דעם דאַזיקן שטיבל האָט שפינאָזאַ דערקענט זיין ליבע צו גאָט און זיין באַהעפטונג מיט אים.

שפינאָזאַ עפנט די אויגן
און זאָגט צו נאַכט, צו וועלט:
אז דו האָסט געהייסן זיך לייגן —
טו איך ווי דו האָסט באַפעלט.

ווי קום איך אהער אריבער
נאָך הונדערטער יאָרן פון טויט?
כ'דאַרף אויסלעבן א נייעם פיבער
כדי נאָך אמאָל שטאַרבן מיט פרייד.

איך דערמאָן זיך מיין בוידים שטיבל,
די הייליקע מיינע פיר ווענט
אויף יענער זייט האָס און פאַראיבל,
וואו איך האָב מיין ליבע דערקענט.

ווי באַלד איך דאַרף ווידער שטאַרבן
צעשטראַלט זיך מיין פנים נאָך מער.

מיין ליבע וועט אייביק מיך ארבן
און כ'וועל נאָך אמאָל קומען אהער.

און עס איז די שפּינאָזא ליבע, וואָס לייוויק'ס צווייטע גע־שטאַלט האָט גע'ירשנ'ט, וואָס מאַכט לייוויקן אויף אַזא איבער־צייגנדיקן אופן צו זאָגן אין דער זעלביקער „באַלאַדע פון דענווער סאַנאַטריום":

איך זאָג: מען האַלט נישט היינט דאָס לעבן הייליק,
ס'איז ערגער נאָך: — מע טרעט עס מיט די פיס:
איעדער, ווער עס קען, טראָגט צו זיין חלק, —
און ווער האָט ניט קיין פיס, קיין ביקס און שפּיז?

פונדעסטוועגן, מיין הארץ, ניט הער אויף גלויבן, —
און זאָל אין גלויבן אויפגיין אויך מיין ליד, —
אַז דער וואָס איז אין אמתן דערהויבן,
פאַלט כורעים פאַר א י ע ד ן ' ס מינדסטן גליד.

— — — — — — — — — — — — — — —

באַם קראַנקנ'ס בעט א גכנע'דיקער שטייט ער,
א שטילער ווי אין פעלד דאָס לעצטע גראָז, —
ער שטייט א שולדיקער, אַן אויסגעדרייטער,
וואָס קען קוים איינהאַלטן אין האַנט א גלאָז.

— — — — — — — — — — — — — — —

דערציילן איז אין אמתן ניטאָ וואָס —
ווען יעדנס לעבן הייליק וואָלט געווען
ביים צווייטן מענש — וואָלט אויך דער מלאך המות
אין יעדנס לעבן הייליקייט געזען.

פערטער קאַפּיטל

# געוויסן

## א

דאָס שטאַרקע רייסן זיך און דאָס גלוסטן צו ווערן אַליין אָנגעשטעקט און אויך אַנדערע אָנצושטעקן מיט דעם געפיל פון הייליקייט פון יעדן מענטשלאַך לעבן, האָט אַרויסגערופן אין דער נשמה פון דיכטער — אין די טיפעניש פון זיין צווייטער געשטאַלט, א מוראדיקן יראת הכבוד פאַר דעם העכסטן אויסדרוק פון דער מענטשלאַכער נשמה, וואָס הייסט: געוויסן.

„צוויי זאַכן פילן אָן דאָס געמיט מיט שטענדיק נייער און פאַרגרעסערענדיקער באַוואונדערונג און יראת הכבוד, וואָס עפטער און וואָס באַשטענדיקער אונזער דענקען באַשעפטיקט זיך מיט זיי: דער אויסגעשטערנטער הימל איבער אונז און דער מאָראַלישער גע־זעץ אין אונז" — אזוי האָט געשריבן דער פילאָזאָף עמאַנועל קאַנט.

מער ווי פאַר דעם אויסגעשטערנטן הימל איז לייוויק'ס געמיט אָנגעפילט מיט וואונדער און ערפורכט פאַר דעם מאָראַלישן געזעץ. דער מאָראַלישער געזעץ אינעווייניק, אין דעם מענטש, דער מענטש־לעכער געוויסן, דאָס געפיל פון אחריות פאַר דער וועלט און מענטש, איז אין דער אידישער פּאָעזיע געקומען אויף דעם שטאַרקסטן און שענסטן אופן צום אויסדרוק אין די לידער און פּאָעמען פון ה. לייוויק.

כאַראַקטעריסטיש פאַר דער איבערוואָג פון דעם געוויסנס געפיל איבער אַלע אַנדערע געפילן אין לייוויקן, איז דאָס ליד זיינס „איך האָב געזען", אין דעם ערשטן בוך לידער, אונטערן נאָמען

„הינטערן שלאָס". געזען האָט ער ווי א מענש האָט זיך געטרונ־קען, ווי ער האָט נאָך הילף זיינע הענט אויסגעשטרעקט. געזען האָט ער עס, אָבער שרייען האָט ער נישט געקענט, און ווייל ער האָט נישט געשריען, ווען שרייען האָט מען געמוזט און געדאַרפט — און אפשר עפּעס נאָך מער ווי שרייען — איז געשען, אז נאָכדעם ווען דער ים איז געוואָרן גלאַט און שטיל, איז

— — קוקענדיק אין וואסער אין דעם שטילן,
דערזען האָב איך מיין פּנים גרוי
האָב עפּעס שווערערס נאָך פון טויט גענומען פילן,
און „ראַטעוועט" געגעבן א געשריי . . .

און ווער ווייסט, אפשר, האָט טאַקע אָט דאָס דאָזיקע געפיל, וואָס איז שווערער פון טויט, און וואָס האָט געמאַטערט דעם גאַנצן וועזן פון דיכטער, זעט אויס, טעג און נעכט און אפשר גאָר חדשים און יאָרן — אפשר האָט גראָד אָט דאָס דאָזיקע געפיל ארויסגעבראַכט מיט יאָרן שפּעטער דאָס שרעקלאַכע ליד „דער וואָלף". שרעקלאַך איז דאָס דאָזיקע ליד אין דעם ליכט וואָס אַנטפּלעקט פאַר אונז וואוהין א מענטשן קענען דערפירן אומדער־טרעגלאַכע פלאָגענישן פון זיין געוויסן. און אויב דער דיכטער האָט נישט געקאָנט דורך רעאַליסטישע קונסט־מיטלען דערפירן דעם געפּלאָגטן פון געוויסן, צו דעם, וואָס דער קאַטעגאָרישער אימפּע־ראַטיוו פון דיכטער האָט געפאָדערט אז דער מענש זאָל דערפירט ווערן, האָט ער עס געטאָן, באַנוצענדיק זיך מיט דעם סימבאָל. דער סימבאָל העלפט זייער פיל צו מאַכן פאַר רעאל און מעגלאַך דאָס, וואָס וועדט צוליב קורצזיכטיקייט געהאַלטן פאַר אומרעאל און אוממעגלאַך.

* * *

ווער איז דער וואָלף? דער וואָלף איז די געשטאַלט, אין וועלכער לייוויק לאָזט פאַר אונזערע אויגן מגולגל ווערן דעם רב, וואָס „איז איבערגעבליבן איינער אליין אין אן אויסגעה'רג'עט שטאָט, אָן שולן און אידן, און אָן זיין ווייב און קינדער". ער — דער רב — איז דער איינציקער, וואָס איז געראַטעוועט געוואָרן

און איבערגיגבליבן לעבן, נאָכדעם ווען אַלע אידישע מענער, פרויען און קינדער, און אויך זיין אייגן ווייב און קינדער זיינען אויסגע־הרגט געוואָרן. ניין נישט געראטעוועט איז ער געוואָרן, נאָר ער האָט זיך, ווי מיר שטויסן זיך ביסלעכווייז אָן אין דעם גאַנג פון דער דיכטערישער כראָניק, אויף א פּחדנישן אופן, אויסבאהאַלטן ערגעץ וואו, בעת די פּאָגראָמשטשיקעס האָבן געפּייניקט, פּארגוואַל־טיקט און געשענדט, רעכטס און לינקס און געצונדן און פאר־וואַנדלט אַלץ און אַלעמען אין אש און קויל.

איז ער געשטאַנען און געטראַכט און געוואונדערט זיך,
וואָס אים האָט מען אויסגעמידן און איבערגעלאָזט לעבן;
און ער האָט אָנגעשטרענגט די אויגן און די אויערן
צו דערזען, אפשר קרעכצט ווער ארויס פון אונטער די חורבות,

און צו דערהערן אפשר א שאָס, וועט ער זיך לאָזן גיין אהינצו.

נאָר אומזיסט האָט ער אָנגעשטרענגט די אויגן און די אויערן,

ווייל עס האָט זיך קיינער נישט באוויזן פון אונטער די חורבות
און קיין שאָס האָט זיך פון ערגעץ נישט דערטראָגן.

און ער האָט אָנגעשטרענגט נאָך מער די אויגן צו דערזען,
כאָטש וועמען נישט איז פון די באַזינגער: —
נאָר אויך די באַזינגער זיינען נישט געווען צו באמערקן —
קופּעס אש, קוימענס, טליענדיקע פלאַמען,
שטילקייט און מער גאָרנישט.

— — — — — — — — — — — — — — —

אומזיסט האָט ער געזוכט און געשארט אין די קופּעס,
ווייל קיין זכר פון קיין אבר איז נישט געווען צו געפינען,
ווייל אַלץ איז געווען אש, און קויל און מער גאָרנישט.

נישט לאַנג אָבער האָט זיך דער רב געוואונדערט, פארוואָס מען האָט אים אויסגעמיטן און איבערגעלאָזט לעבן: באלד ווי זיין

זכרון קומט צוריק צו אים, דערמאָנט ער זיך, אַז נישט על פּי צופאַל האָט מען אים אויסגעמיטן און איבערגעלאָזט, נאָר אַז ער האָט אליין, דורך זיין פּחדנות, היפּשלאַך גורם געווען, אַז מען זאָל אים אויסמיידן און איבערלאָזן. און דאָס, זעט אויס, פאַרפאָלגט אים. און ווען די אידן, די אַנגעטריבענע פון אנדערע געגנטן, האָבן אויפ־געבויט צוריק די חרובה הייזער פון זיין שטאָט, און פריער פון אלץ די קאַלטע שול, און ער, דער רב, קומט אָן פון וואַלד, א שווייגענ־דיקער, א פרעמדער, און באַווייזט זיך אין שול, — גיט עפּעס זיך א ריס אין אים, און זיין גאַנצער גוף גיט זיך א מאָדנעם ציי צום ארון קודש. אָט דאָס דאָזיקע עפּעס, וואָס קומט פאַר צווישן אים און דעם ארון קודש, מוז, כדי עס זאָל אויף שטענדיק איינגעקריצט ווערן אין אונזערע הערצער און נשמות, איבערגעגעבן ווערן אין לייוויק'ס ווערטער :

און ביסלעכווייז האָט די שטעכעניש ארומגעכאַפּט זיין גאַנצן גוף,

— זיינע הענט האָבן ארומגעקלאַמערט דעם ארון קודש, ווי צוויי רינגען,

און זיין קאָפּ האָט זיך אָנגעהויבן גראָבן און איינדרייען זיך, און אריינוויקלען זיך אין די פאַלדן פונ'ם פּרוכת;

און מיטן אויבערשטן טייל פון זיין מח, ווי אַן אַקס מיט זיינע הערנער,

האָט ער געשטויסן און געלעכערט אין די טירלעך,

ביז וואַנען די הויט פון זיין מח איז אויפגעלאָפן אין בלאַטערן, און געפּלאַצט און פאַרגאָסן מיט בלוט זיין גאַנצן פּנים.

און אַז זיינע נאָזלעכער האָבן דערשפּירט דעם ריח פון זיין אייגן בלוט,

האָבן די קולות, וואָס זיינען געלעגן באַהאַלטן אין זיין איינגעווייד,

זיך א ריס געגעבן און צוגעקייקלט זיך צו זיין גאָרגל.

און אַז ער האָט דערפילט, אַז דאָס קומט ,האָבן זיינע גלידער אָנגעהויבן צו טאַנצן אין אים פאַר שמחה,

און מיטן לעצטן אימפּעט האָט ער גענומען לעכערן מיטן קאָפּ

אין די טירלעך, ביז וואַנען זיי האָבן אָנגעהויבן צו פּלאַצן,
און זיינען דורגעלעכערט געוואָרן אויף דורך און דרוך,
און אין זיינע אויגן האָט א בליץ געטאָן דער גלאַנץ פון די
עץ חיימס,
און די אינווייניקסטע טונקלקייט, וואָס הינטער דער ספר
תורה . . .

און ווי נאָר זיינע אויגן האָבן דערזען די אינווייניקסטע
טונקלקייט,
אזוי האָבן זיי געגעבן א דריי ארום זיך אליין
און גענומען אויפלויפן און שפּארן זיך פון זייערע גריבער,
אזוי ווי זיי וואָלטן וועלן אריינעסן זיך אין דעם סאמע הארץ
פון דער טונקלקייט.

און מיט אמאָל האָבן זיך זיינע אויגן א צי געטאָן צוריק,
און זיין קאָפּ האָט זיך איבערגעדרייט אויף הינטער,
און זיין האלז האָט א קנאַק געטאָן, אזוי ווי ער וואָלט זיך
איבערגעבראָכן,
און זיין גאַנצער גוף האָט זיך ווי א שטיין אראָפּגעקייקלט
און ארונטערגעפאַלן פון אלע טרעפּ צום דיל צו
און א שארפער בריל איז געבליבן שטעקן צווישן זיינע ציין...

און דער שארפער בריל איז געווען פון א וואָלף. ווי א וואָלף
און נישט מער ווי א מענטש, האָט זיך דער רב דערפילט באלד ווי
ער האָט זיך דערמאָנט, ווי אזוי ער האָט זיך געראטעוועט פון
טויט, בעת אלע אידן פון זיין שטאָט, זיין גאַנצע עדה אידן, איז
געטויטעט געוואָרן. געראטעוועט, זעט אויס האָט ער זיך, אויס־
באהאלטנדיק זיך טאַקע אין דער אינווייניקסטער טונקלקייט, וואָס
הינטער דער ספר תורה, אין דעם ארון קודש. און דערפילט האָט
ער זיך ווי א וואָלף, נישט נאָר גייסטיק, נאָר אויך פיזיש. — אזוי
מאַכט אונז ליווויק צו גלויבן מיט זיין אויסערגעוויינטלאך דיכטע־
ריש — סימבאָלישער קראַפט.

דיכטעריש־סימבאָליש — אזוי רוף איך אָן די דאָזיקע קראַפט.
אפשר וועלן אנדערע צוגעבן נאָך מער אדיעקטיוון, וואָס זאָלן זי

קוואַליפיצירן. פאַר מיר אָבער איז זיכער איין זאַך: די קראַפּט, מיט וועלכער עס ווערט געמאָלן די פּיזישע פאַר־וואנדלונג פון דעם רב אין א וואָלף, די קראַפּט, וואָס קריצט איין דאָס בילד פון דער פאַרוואַנדלונג אויף אייביק אין אונזער זכרון, די קראַפּט פון געוויסן — אָט די דאָזיקע קראַפּט איז א זעלטענהייט, נישט נאָר אין דער אידישער פּאָעזיע, נאָר אויך אין דער גאַנצער וועלט פּאָעזיע. זאָל דעריבער די דאָזיקע שילדערונג פון דער פאַרוואַנדלונג געבראַכט ווערן וואָרט פאַר וואָרט, ווי עס ווערט געגעבן אין דער וואונדערליך שטאַרקער און שיינער פּאָעמע „וואָלף״, וועלכער איז ביז איצט, אגב, ווי ווייט מיר איז בעקאַנט, ניט געשאָנקען געוואָרן גענוג אויפמערקזאַמקייט מצד די לייענער און קריטיקער.

דערזען און דערפילט האָט זיך פּלוצלינג דער רב ווי א חיה, און פון אַלע חיה׳שע געשטאַלטן — אין דער געשטאַלט פון א וואָלף.

און אז דער רב האָט געוואָלט פאַר אימה
פאַרדעקן די אויגן מיט די הענט —
האָט ער דערזען, ווי זיינע פינגער גיסן זיך צוזאַמען,
און קייקלען זיך אויף און פאַרשפּיצן זיך

מיט לאַנגע אויסגעבויגענע האַרטע נעגל.
און איבערן רוקן, האָט ער דערפילט, ווי עמיצער טוט אים אָן
א צוזאַמענגעדרייטע רייף און שמידט צוזאַמען
זיין נאַקן און אַרונטערגעפאַלענע פּלייצעס.
און זיינע אויערן האָבן אָנגעהויבן זיך ציען און אַרונטער־לאָזן זיך,
און די צונג אין זיין מויל אַרויסגעשלאָגן זיך פון אונטערן גומען,

און קנוילן זיך און שפּאַרן זיך פון צווישן די ציין,
און גליטשן זיך און אַרויסשטעקן אַלץ לענגער און לענגער,
און זיינע אויגן האָבן געגומען אויפלויפן
און דרייען זיך אונטער די ברעמען ווי קוילעבדיקע רעדלעך,
און צינדן זיך אין פּראַסטיקע גרינע פייערן.

און ער האָט דערזען נאָר אמאָל דעם פּערציק־מײַליקן וואַלד
אויף דורך און דורך פון איין עק ביזן צווייטן,
און זײַן אָטעם האָט אָנגעהויבן קלאַפּן
נײַע זודיקע, ערשט־געבוירענע קלעפּ
און ער איז אויפגעשפּרונגען אויף אַלע פיר,
מיט אַן אויפגעשפּיצטן, אויפגעשויבערטן רוקן
און האָט זיך איינגעגעסן מיט די אויגן אין דער פינסטערניש.

און אַזוי ווי אַלע געדערים וואָלטן זיך א ריס טאָן פון זײַן בויך,
אַזוי האָט אים א שפּאַר געטאָן א דריטער שטראָם צום האַלז
און מער שוין נישט געבליבן שטעקן אין זײַן גאָרגל,
און א ווילד געבריל האָט זיך צעטראָגן איבערן וואַלד
אַלץ העכער און העכער און וואויענדיקער,
און א פלינקער שפּרונג האָט נאָכגעפאָלגט דעם געבריל —
א שפּרונג אינ'ם אויסזען פון א האַלבן בויגן.

דאָס איז געווען א ווילדער געבריל און א פלינקער שפּרונג פון א וואָלף! מענטש האָט זיך דערזען און דערשפּירט ווי א וואָלף;
ווײַל ער האָט איינמאָל געהאַנדלט נישט ווי מענטש דאַרף און זאָל האַנדלען, נאָר ווי חיה, וואָס ווייסט נישט און ווערט נישט דערוואַרט צו וויסן פון א ד א ר ף און א זאָל. דער מענטש דערזעט מיט אמאָל די חיה אין געשטאַלט פון וואָלף אויספילענדיק זײַן גאַנצן מהות. ער דערזעט די חיה ארויסטאַרטשן פון זיך, און דערזעט זיך אינגאַנצן א באַוועלטיקטן פון איר. ער דערזעט און דערפילט ווי ער ווערט א חיה, ער ווערט א וואָלף. דער ווילדער געבריל, דער ווילדער שפּרונג, איז דער קלימאַקס פון דער פאַרוואַנדלונג, וואָס איז ארויסגעקומען באַם דיכטער אַזוי שטאַרק און מעכטיק, אַזוי שיין און טיף, אַזוי איבערצייגענדיק און ווירקענדיק, אז זי וועט בלײַבן א וואונדערלעכער דיכטערישער זכר לדורות פון דער קראַפט פון געוויסן, פון דער מאַכט פון מאָראַלישן געזעץ אין דעם, וואָס טראָגט דעם נאָמען מענטש.

מענטש האָט קיינמאָל נישט געקאָנט, און וועט קיינמאָל נישט

קאָנען פּאַרטראָגן דאָס לעבן, נאָכדעם, ווי ער אַליין דערפילט און דערזעט זיך אין דער געשטאַלט פון א חיה, און דערצו נאָך פון א פּאַרצוקענדיקער חיה. און דעם רב׳ס איין־און־איינציקער באַגער — דער באַגער פון דעם מענש אין דער וואָלף־געשטאַלט, איז איצט איינער, און דאָס איז — אומקומען, כדי דורך דעם אומקום אויפצוקומען. און נישט נאָר וויל ער אַליין אומקומען, נאָר ער וויל אויך, אז אַלץ, וואָס עס האָט זיך ניט אָנגעשטרענגט פון אומקום צו פּאַרטיידיקן, זאָל איצט מער נישט אויפגעשטעלט ווערן, נאָר אז עס זאָל אויף אייביק בלייבן חרוב. ער טאָר אָבער נישט, אומקומענדיק עובר זיין אויף דעם געבאָט פון מאבד עצמו לדעת, פון זיך אַליין אומצוברענגען. און דאַריבער, בעת ער קלאַפּט זיך מיטביידע פויסטן אין הארצן, רייסן זיך דורך זיינע ציין כאָרכ־לענדיקע ווערטער:

ווער האָט אייך געהייסן די חורבות צוריק אויפבויען?
אז ס׳איז חרוב, דאַרף בלייבן חרוב . . .
און ווער האָט אייך געהייסן ווערן מיינע יורשים?
גייט, ברייננט א האק צי א מעסער, און טוט מיר מיין רעכט, —

טוט מיר מיין רעכט, אידן, איך בעט אייך . . .

— — — — — — — — — — — — — —

איך בעט אייך, אידן, טוט מיר מיין רעכט, וואָס עס קומט מיר, —

מיר קומט א מיתה משונה, א מיתה פון פרעמדע הענט:
איך וואָלט אַליין געקאָנט איבערשניידן מיין האַלז,
און אַריינשטעכן א דאָרן אין ביידע אויגן,
און אָפּהאַקן די הענט און אַוועקוואַרפן פאַר הינט —
איך טאָר דאָס אָבער נישט טאָן אַליין — א צווייטער מוז דאָס מיר טאָן.

איך בעט אייך, ברייננט א האק און טוט מיר מיין רעכט . . .

וועלכער מענש וועט זיך עס אָבער דערלויבן צו טאָן אזא

רעכט צו אַן אנדער מענשן? דער רב מוז אָבער אומקומען. און מוזן מוז דער אומקום קומען פון פרעמדע הענט. ביידע זאכן פילט ער ווי קאַטעגאָרישע אימפּעראַטיוון. און ער באַשליסט, אַז אויב מענשן ווילן נישט און קאָנען אים נישט אומברייגגען אין דער געשטאַלט פון מענש, זאָלן זיי אים אומברייגגען אין דער גע־שטאַלט, אין וועלכער ער פילט און זעט זיך — אין דער געשטאַלט פון וואָלף.

און ווי גרויס איז געווען זייער שטוינונג, ווען זיי האָבן דערזען,
אַז אָנשטאָט צו דערשרעקן זיך פאַר די פייערן, איז דער וואָלף
אריינגעשפּרונגען אין די פלאַמען און מיט די לאַפּעס
געשליידערט אין אַלע זייטן שטיקער ברענענדיקע האָלץ,
און געדרייט זיך אין אַ ווירבלדיקן טאַנץ אַרום זיי
אַן איינגעהילטער אין קנוילן רויך און פונקען:
און נאָכדעם, אָנזעטיקנדיק זיך מיטן טאַנץ, אַרויפ־געשפּרונגען
אויף זיין שטענדיקן פּלאַץ און אָנגעהויבן זיין וואָיען.

און ווי ווייניק ער האָט זיך געשראָקן פאַר פייער, אַזוי ווײ־ניק האָט ער זיך געשראָקן פאַר העק און ביקסן. פאַרקערט, ער האָט אויסגעצויגן זיין האַלז דווקא אין דער זייט פון די לויערער און געוואַרט — און נישט נאָר האָט ער געוואַרט, נאָר ער האָט געהאָפט, אַז אָט וועלן אָט די דאָזיקע העק און ביקסן אין די הענט פון די אידן, וואָס האָבן די חורבות פון זיין שטעטל אויפ־געבויט, אים ברייגגען די פאַרדינטע מיתה משונה. זיין אומדערראָקנקייט, זיין קוקן אַזוי פעסט און גלייך דעם טויט אין די אויגן, וואַרפט אָן אַ שרעק אויף די אידן. „זיי האָט פאַר ציטערניש אָפּגענומען הענט און פיס, און זיי האָבן זיך אָן אַן אָטעם קוים אומגעקערט אַהיים. און אַזוי טיף האָט זיך איינגעגעסן דער שרעק

אין זייערע הערצער, אז זיי האָבן טעג נאָכאנאנד נישט געקענט קומען צו זיך".

סוף כל סוף האָט אָבער דער רב אויסגעפירט זיינס: בעת די נעילה'דיקע תפלות

איז שוין דער וואָלף געשטאַנען אויף די טרעפּלעך פון דער בימה

און מיט גרויסע ברענענדיקע אויגן איינגעגעסן זיך אין דעם עולם

— — — — — — — — — — — — — — —

איינער פון דעם עולם האָט פּלוצלינג געכאַפּט א שטענדער,
און מיט איין קלאַפּ פונ'ם ווינקעלדיקן שאַרף
א זעץ געטאָן דעם וואָלף איבערן קאָפּ און פאַנאַנדער־
געשפּאָלטן זיין מוח

— — — — — — — — — — — — — — —

און דאַמאָלסט האָט דער גאַנצער עולם, אין געפּילדער און שטויסעניש

געכאַפּט אַלץ, וואָס האָט זיך געמאַכט אונטערן האַנט,
און געשלאָגן דעם וואָלף איבערן האַלז און איבערן רוקן,
און געטראָטן מיט די פיס איבער זיין בויך און זיין קני..
און פּלוצלינג האָט ווי פון אונטער דער ערד אַרויסגעריסן זיך אַן אוי.

— — — — — — — — — — — — — — —

— — — אויף דער ערד א פאַרפּייניקטער, אין א טייך בלוט,
איז געלעגן נים קיין וואָלף, נאָר א איד אין רבנישן שטריימל,
און אַלע האָבן דערקענט אין אים דעם פרעמדן אורח.

— — — — — — — — — — — — — — —

און אַלע האָבן דערהערט זיינע טרייסטנדיקע ווערטער:
איצט איז מיר גוט, זייער גוט — ווייַנט נישט, אידן,
און ער האָט אויסגעהויכט זיין אָטעם. —

גוט, זייער גוט איז אים, ווייל ער האָט אין דעם אומקום דער־פילט זיין אויפקום; זיין דערלייזונג — דערלייזונג, צו וועלכער

דער מין מענש ווערט געפירט דורך זיין געוויסן, דורך זיין מאָראַ־
לישן געזעץ, וואָס קומט צו זיין צווייטער געשטאַלט פון דער
העכסטער וועלט געשטאַלט, פון דער אַלוועלט קראַפט, וועלכע איז
איין און איינציק, און איז דאַריבער, איבער אַלץ און אַלעמען און
אין אַלץ און אַלעמען.

## ב

די פראַגע ווי אַזוי און פון וועמען דער געוויסן קומט צום
מענש, האָט נאָך לייוויק דערווײַלע נישט אַריינגעבראַכט אין זיין
דיכטונג. דערוויַיל האַלט ער בלויז אין שטענדיקן פעסטשטעלן
פאַר זיך און פאַר אַנדערע אויף אַ שיינעם און שטאַרקן דיכטערישן
אופן, אַז וואו מענש איז, מוז זיין געוויסן און וואו געוויסן — דאָרט
איז מענש.

עס מאָנט אַ קול אין מיר צו אויסקעמפן אַ קריג
מיט גאָט, מיט מענש, מיט טייוולדיקע צינגער.
נאָר איצט איז גוט — איך האָב אים שוין דעם זיג.
עס רוט אויף מיר דאָס ליכט פון דיינע פינגער.
(אין לויטערקייט פון זומערס לעצטע טעג)

וועמעס פינגער זיינען עס? דאָס זיינען די פינגער פון דער
„אין עקשנות אויסגע'חלומ'טער געשטאַלט". און ווען חלום'ט דער
דיכטער וועגן דער געשטאַלט, וואָס זאָל אים אַרבן? ער חלום'ט
וועגן איר אין דער שיינקייט פון סעפּטעמבערדיקע טעג, אין דער
לויטערקייט פון זומער'ס לעצטע טעג. אין דער לויטערקייט פון
יענע טעג גייט אויף נאָך לויטערער די שטים פון זיין געוויסן.

זיין קריג מיט גאָט פירט אָן דער דיכטער נישט נאָר אין
זיין דיכטונג, נאָר אויך אין זיינע פּראָזע דראַמעס, וואָס וועלן
פון אונז אויפגענומען ווערן אין דעם צווייטן באַנד „לייוויק דער
דיכטער פון דערלייזונג". פון אַלע פּראָזע דראַמעס איז דער
דאָזיקער קריג אויפגענומען געוואָרן אויף דעם ברענענדיקסטן
אופן אין דער דראַמע „עקדה".

אַזוי פייערדיק איז דאָרט דער קריג און אַזוי דירעקט איז

דאָרט דער קריג מיט גאָט—א טיפער אויסדרוק פון דעם געפיל פון געוויסן, אז זי — די דאָזיקע דראמע — מוז שוין דאָ, אין דעם דאָזיקן באנד, כאָטש טיילווייז בארירט ווערן.

* * *

ווען דער דיכטער זאָגט קריג מיט גאָט, מיינט ער נאַטירלעך א קריג מיט דעם מענטשנ'ס ב א ג ר י ף, וואָס גאָט איז און וואָס ער פאָדערט פון אונז. דער דיכטער וויל איין מאָל פאר אלעמאָל פעסטשטעלן, אז מענטש טאָר ניט, מענטש זאָל ניט, אונטער קיין שום אומשטענדן אין דער וועלט, זיך פאָרשטעלן, אז גאָט קאָן, אָדער אז גאָט וועט ווען עס איז, פאָדערן פון מענטשן צו טאָן עפּעס אזעלכעס, וואָס איז דערווידער די בעסערע און איידעלערע געפילן פון דעם מענטשן; אז ער וועט פאָדערן פון אים צו טאָן עפּעס אזוינס, וואָס — ווען ניט די פאָרשטעלונג און דער גלויבן, אז גאָט הייסט אזוי — וואָלט עס אין די אויגן פון אלע געזונט געוואָרן, אין די הערצער פון אלע דערפילט געוואָרן ווי שלעכט, ברוטאל און חיה'ש.

דער געוויסן, דער מאָראלישער געזעץ, מוזן אין מענטש פריער אָדער שפּעטער קומען צו דער מדרגה, ווען ער וועט זיך ניט דער־לויבן מער פאָרצושטעלן גאָט ווי איינעם, וואָס קען רופן אָדער פאָדערן פון דעם מענטשן צו באגיין וועלכע עס איז אכזריותן, וועלכע עס איז מעשים, וואָס אויף זיי זאָלן ניט קענען אָנגעווענדט ווערן די אדיעקטיוון: שיין, הערלעך און דערהויבן, און וואָס זאָלן ניט זיין קיין אויסדרוק פון די געפילן פון אמת, יושר און ליבע — ליבע צו אלץ, וואָס לעבט און אָטעמט, ליידט און וויינט.

גרויס וועט זיין גאָט'ס וואָרט פון ירושלים, טיף און דער־הויבן וועט זיין די תורה, וואָס וועט ארויסגיין פון ציון, נאָר דערפאר, ווייל גאָט'ס וואָרט און גאָט'ס תורה וועט פירן צו דעם, אז מען וועט נישט לערנען מער קיין מלחמה און די אקער אייזנס וועלן פארבייטן די שווערדן און די צווייג מעסערם — די שפּיזן. אזוי האָט געדונערט ישעיה — דער נביא. גרויס, אין אנדערע

ווערטער, איז דאָס וואָרט און די תורה פון גאָט נאָר דעמאָלט, ווען עס פירט צו ליבע און גערעכטיקייט אין די באציאונגען צווישן מענש און מענש. קריגן דעריבער מוז מען און קריגן זאָל מען קעגן יעדן איינעם, וואָס וויל אליין באגיין, אָדער וואָס רופט אנדערע צו באגיין שלעכטע און אומברחמנות'דיקע מעשים אין נאָמען פון גאָט. דער קריג מוז אָנגיין ביז זיי וועלן ניט — אין די ווערטער פון דעם נביא ישעיה „בייז טאָן און ניט פארדארבן אויף מיין גאנצן הייליקן בארג, ווארום די ערד וועט זיין פול מיט דערקענונג פון גאָט ווי די וואסערן באדעקן דעם ים".

די דאָזיקע נויטיקייט אָנצופירן דעם קריג ביזן סוף פון די טעג קעגן יעדן איינעם, קעגן דעם אייגענעם טאטן אפילו, ווען ער וויל דיך ברייננגען פאר א קרבן צו זיין גאָט באגריף—די דאָזיקע נויטיקייט פון אזא קריג שטעלט עס לייוויק פעסט אין זיין טיפ־סטער געוויסנס דראמע — „די עקדה".

* * *

עס איז דאָס בלוט פון געוויסן אין לייוויק'ס צוויי־טער גע־שטאלט, וואָס לאָזט אין דער עקדה דעם שטן זאָגן צו אברהם'ען: „די שלעכטע מחשבות זיינען אין דיר, ניט איר מיר, האר אברהם. איך בין געקומען צו דיר מיט א הארץ פול מיט ליבשאפט, פול מיט ציטערניש און מיט זאָרג איבער יעדעם ברעקל לעבן. ווארים יעדער מינדסטער סימן פון לעבן, וואָס איך געפין אין מיין מלוכה, דערפרייט און באגייסטערט מיין הארץ, האר אברהם. דאָס קלענסטע ווערימל, דאָס קלענסטע פליגעלע איז אזוי טייער בא מיר, ווי דער גרעסטער לייב און לעמפערט. און אז איך געפין א שפראָץ פון א גרעזל, פאל איך צו צו דעם מיט די ליפן און איך קוש עס. אזוי פארליבט בין איך אין לעבן, האר אברהם. דערפאר בין איך געקומען איצט צו ווארענען דיך: זאָלסט ניט גיין אויף מיין בארג מוריה אומברייננגען לעבן".

און ווען אברהם זאָגט צו אים: „ביזט א שטן מקטרג", ענטפערט דער שטן: „ניט קיין מקטרג בין איך, נאָר א באדוי־

ערער בין איך. איך בין פול מיט רחמנות אויף אזוינע ווי דו, וועמעס הארץ איז אָרים, און וועלכע קענען דעריבער ניט פילן יעדן אמת׳ן צאַפּל פון לעבן אויף דער ערד. איך זאָג דיר, האר אברהם, שאַנעווע דעם זון דיינעם און אויך זיך, און — אויך מיך.

און ווען אברהם פרעגט: „וואָס עפּעס אויך? ענטפערט דער שטן: איך בין ערשט דער אמת׳ער אברהם יצחק׳ס פאָטער — און מער נאָך — איך בין אברהם און יצחק צוזאַמען — — אז איך גיב א טראַכט וועגן יצחק׳ן, וועגן זיינע פינגער, וועגן זיינע אויגן, וועגן זיינע ליפּן, וועגן די אָדערלעך פון זיין האַלז, זיי טאַנצן אונטער זיין האַנט אַזוי ווי פליגעלעך, — אוי, איך האָב אזוי ליב די אָדערלעך פון זיין האַלז, אזוי ליב!"

דאָס זעלביקע בלוט פון געוויסן אין לייוויקן לאָזט אויך ניט בלייבן אברהם׳ען אן אומבאַשטראָפטן פאר וועלן דורכפירן א מאָרד אויף זיין אייגענעם קינד נאָר דערפאַר, וואָס אים האָט זיך געדוכט, אז גאָט פאָדערט פון אים, אז ער זאָל אזא מאָרד דורכפירן: ער זאָל אזא קרבן ברייגגען אויפן מזבח, וואָס אויף אים זיינען אויך זינט דעמאָלט מענשן אָן א צאָל, אומגעבראַכט געוואָרן. אומגעבראַכט זיינען אזוי פיל מענשן געוואָרן און ווערן נאָך אויך היינט אומגעבראַכט, נאָר צוליב זייער פאַלשן באַגריף וועגן גאָט און צוליב זייער פאַלשן זין און באַטייט פון גאָטהייט. גאָט אין מענש, וואָס מיינט גאָטהייט, טאָר ניט און זאָל קיינ־מאָל נישט באַטייטן, קיינמאָל נישט טראָגן אין זיך קיין אנדער זין און באַטייט ווי, אמת, יושר און ליבע. גאָט׳ס נאָמען זאָל קיינמאָל ניט פאַרבונדן ווערן מיט האַנדלונגען און מעשים, אין וועלכע עס זיינען אריינגעוועבט געוואָרן פאַלשקייט, אומ־גערעכיקייט, אונטערדריקונג און ברוטאַליטעט.

לייוויק לאָזט יצחק׳ן באַשטראָפן אברהם׳ען דורך דעם, וואָס ער, יצחק, מיט דער הילף פון דעם פארטריבענעם, געקריוודעטן ישמעאלן, באַפעלט זיין טאַטן אברהם׳ען דורכגיין די זעלבע שרעקן פון טויט, וואָס דער טאַטע האָט אים געלאָזט דורכגיין. ער צווינגט אויך אברהם׳ען זיך לייגן אויף דעם מזבח, אויס־

שטרעקן זיין האלז און קוקן מיט אפענע אויגן אויף דעם שארף פון חלף, וואס וועט, אויב יצחק וועט נאר וועלן, אראפלאזן זיך אויף זיין האלז און שעכטן אים ווי מען שעכט א שעפס.

און ווען אברהם בעט זיך בא יצחק'ן: האב רחמנות! זאגט יצחק צו אים: „דו רעדסט וועגן רחמנות? וועגן דער מאמען? שווייג! דו האסט צוגעקוקט מיינע טויט אנגסטן, און געמאכט נאך אן אנשטעל פון רחמים, און איך מאך ניט קיין אנשטעל. איך זאג דיר אפן — ניטא אין מיר קיין פונק פון רחמים. — דו האסט געוואלט אי יוצא זיין פאר דיין פאטערלעך הארץ, כלומרשט, אי אויספיינען זיך פאר גאט. דו האסט דאך מיך געפירט צום טויט פון מצוה וועגן. דורך מיין טויט האסטו געוואלט א מצוה פארדינען. — היינט ווי אזוי האט דיר געקענט אנגיין מיין געוויין און מיין אמת'ער שרעק פאר'ן טויט? — וואס גרעסער ס'איז געווען מיין שרעק און מיין געוויין — אלץ גרעסער איז געווען די מצוה דיינע. און דו האסט נאך דעם מוט צו רופן מיך רוצח? — א, הלואי וואלסטו אויך מיך געפירט צום טויט ווי א פשוט'ער רוצח, און ניט ווי א צדיק!"

און ווען אברהם שרייט אוים מיט געוויין: „יצחק, יצחק!" ענטפערט יצחק: וויין העכער! די לעצטע מינוטן זאלן פול זיין מיט אנגסט. זיי זאלן פול זיין ווי אן אנגעגאסן לאגל. וויין שטאר־קער: קיין דונער און קיין בליץ וועלן ניט קומען, קיין לייב און קיין שלאנג וועלן זיך ניט אפרופן. און דו, גאט, האר פון דער וועלט, אויב דו ווילסט, זיי אן עדות, ווי דער לאגל פון טויט ווערט פול און גיסט זיך אריבער, און ווי ער ווערט אויסגעטרונקען — אינגאנצן ביזן דעק ווערט ער אויסגעטרונקען, כדי עס זאל מער פון אים פאר קיינעם קיין טראפן ניט איבערבלייבן. — און גיי, גאט, און דערצייל עס דערנאך צו אלע מענשן, צו אלע דורות; דערצייל, אז דער לאגל פון גוואלט און פון קרבן־טויט איז אויס־געטרונקען ביזן דעק. פריער האב איך אים געטרונקען, איך — דער אומשולדיקער, און איצט טרינקט אים אוים ביזן סוף דער שולדיקער; און מער וועט קיין טויט ניט זיין; ווייל איך האב אים געפאנגען, דעם טויט אליין. און פארברענט אויפן מזבח. און

דאָס וועט זיין מיין בונד, גאָט, וואָס איך וועל פאַרשניידן מיט דיר און מיט דער וועלט; און דאָס וועט זיין א דערמאָנונג פאַר יעדן, וואָס וועט וועלן אויפהויבן א האַנט אויף א לעבעדיק וועזן; א צייכן פאַר אַלע דורות, אז קיינער זאָל ניט וואַגן מער אויפהויבן א האַנט אויף א לעבעדיק וועזן".

און ווען אברהם בעט זיך: האַלט אָפּ דיין האַנט, יצחק, האַלט אָפּ, זון מיינער, איינציקער, וועלכן איך האָב ליב,—ענטפערט יצחק—(און דאָס איז זיין לעצטער ענטפער צו אברהם'ען, וועלכן ער פייניגט מיט די שרעקן פון טויט אויף דעם זעלביקן אויפן ווי ער איז פריער פון אים געפייניקט געוואָרן, — א פייניקונג, וואָס האָט דעם דרייצן יאָריקן יצחק דורך איין נאַכט פאַרוואַנדלט אין א גרויער זקן. — יצחק זאָגט:

„ליב — ליב, עפן די אויגן. קוק אויף מיר, ברען מיר דורך דאָס האַרץ נאָך אַמאָל. דאָס, וואָס איך דאַרף, האָב איך שוין דערגרייכט. איך דאַרף נישט דיין טויט. — די אנגסטן דאַרף איך, און ניט דעם טויט. אדרבא — לעב! א י צ ט ע ר לעב!"

יצחק לאָזט דעם מעסער פאַלן אויף דער ערד, און ער אַליין נעמט זיך וואַקלען, א פיבער נעמט טרייסלען זיין גוף, ער לאָזט זיך אַרונטער אויף די קני, פאַר די אויגן שווינדלט אים, און ער מורמלט צו אברהם'ען: „גיי אַרונטער איצט פון מזבח און לעב, און טראָג איבער נאָר דער וועלט אונזערע ביידענס אנגסטן", און באַלד, ווי א גערירטער פון זינען, הויבט ער אָן שרייען צו אברהם'ען: אברהם, אברהם, טאַטע, וואָס האָסטו געטאָן מיט מיר? נעם אַרויס דיין מעסער פון מיין האַלז! פאַרוואָס שעכסטו מיך נאָך? — אַלץ שווינדלט אַרום מיר.—טאַטע, באַפריי מיך פון דיין האַנט, באַפריי מיך פון דיין מעסער, ראַטעווע מיך, טאַטע — — —

דער טאַטע קען אָבער אזוי ווייניק ראַטעווען דעם זון ווי דער זון איז בכח צו ראַטעווען דעם טאַטן. יצחק פילט אזוי ווייניק איצט דעם טאַטן אין אברהם'ען, ווי ווייניק אברהם פילט דעם זון אין יצחק'ן.

אויך יצחק, אַלזאָ, בלייבט ניט אומבאַשטראָפט פאַר זיין אכזריות צום פאָטער. אים באַשטראָפט ניט קיין אַנדערער ווי נאָר

זיין אייגענער געוויסן. דאָס געוויסן, דאָס מאָראַלישע געזעץ, וויל ניט און וועט קיינמאָל נישט קענען גלייכגילטיק פאַרטראָגן אכזריות. דאָס געוויסן וועט אַלעמאָל, אויף אַזאַ אָדער אַן אַנדער אופן באַשטראָפן די יעניקע, וואָס לאָזן אַנדערע זיך מאַטערן אויף א מזבח, וואָס זיי שטעלן אויף צו דעם, וואָס זיי רופן אָן גאָט, אָדער גרויסע אידעע, אָדער דערהויבענער אידעאַל.

און די עקדה ענדיקט זיך מיט די ווערטער פון דעם שטן צו ישמעאל'ן: „זאָג מיר, ענטפער מיר: צי וועט עס זיין כאָטש א לערע פאַר זיי? צי ניין? — איך פרעג דיך, ישמעאל, ענטפער מיר —

...ישמעאל, מיינער דו, וואָס זיצטו אַזוי פאַרשטיינערט? — ענטפער אויף וואָס איך פרעג דיך, ישמעאל: צי וועט עס זיין כאָטש א לערע פאַר זיי? אָדער זיי וועלן גלייך פאַרגעסן אַלץ מיט אַנ־אַנדער, און מיין גאַנצע מי וועט זיין אַרויסגעוואָרפן? מיין גאַנצע זאָרג און מיין גאַנצע ציטערניש איבער יעדן גרעזל און שטיינדל, איבער יעדן צאַפּל פון לעבן? — איך פרעג דיך, איך פרעג דיך, איך פרעג דיך. — —

די שטים פון שטן סימבאָליזירט מיט זיך די שטים פון געוויסן, וואָס גייט אויף לויטער און לויטערער אין לייוויק'ס צווייטער געשטאַלט, אין דער „לויטערקייט פון זומער'ס לעצטע טעג".

## ג

נאָר אין בלוט פון געוויסן קאָן לייוויק דערפילן די וועלט א ריינע, אין וועלכער, ער האָפט, עס וועט ערשט אויפגיין דאָס ליד פון אַלע לידער — זיין ליבשאַפט.

ווי אַן אָנזאָג אויף דעם ליד פון אַלע לידער — דאָס ליד פון זיין ליבשאַפט — קלינגען די ווערטער אין דעם ליד „שטיינער־מיינע ברידער".

און גלויב, אַז אויך פון אונטן
דורך אַלע שיכטן ערד
דעם בונט פון אַלע בונטן
האָסטו דורך זיך דערהערט.

דעם יאָמער פון יסורים
אין יעדער שטילסטער זילב,
דעם אויסברוך פון א שטורעם
אין גאָר דער קלענסטער מילב.

דערהערט, און זיך צוריסן
אין קאַמף מיט זיך אליין,
אין בלוט פון דיין געוויסן
איז וועלט געוואָרן ריין.

איך רוף אייך שטיינער־ברידער,
איך דריק צו אייך מיין גוף —
דאָס ליד פון אלע לידער —
מיין ליבשאַפט — גייט ערשט אויף.

עס איז די דאָזיקע אויפגייענדיקע ליבשאַפט אין דעם דיכ־טער, וואָס האָט אים געטריבן אריינצודרינגען אין דער געשטאַלט, וואָס סימבאָליזירט מיט זיך די ליבע — ליבע, וואָס וועגט איבער אלץ אין דער וועלט. ליבע — דער גייסט, וואָס באהערשט אלץ אין דער וועלט. ער האָט אויך אריינגעדרונגען אין די טיפענישן פון דער ליבשאַפט - געשטאַלט, וואָס טראָגט דעם נאָמען יעזוס קריסטוס, און וואָס אונטערן צייכן פון אָט דער דאָזיקער געשטאַלט זיינען באגאנגען געוואָרן די מוראדיקסטע פארברעכנס, די שרעקליכסטע ברוטאַליטעטן און די אומגלויבליכסטע פאלש־קייטן. און פארשטעלענדיק זיך די דאָזיקע געשטאַלט א לעבע־דיקע, האָט ער דערפילט און איבערגעלעבט, און אונז געלאָזט דורך זיין פּאעמע „ער“ דורכפילן און איבערלעבן, דעם צער און פּיין פון דער דאָזיקער געשטאַלט. דעם צער און דעם פּיין פון יעזוס קריסטוס, וואָס דער גרעסטער ליגן און די אומדערטרעג־ליכסטע פאלשקייט, וואָס איז מיט זיין נאָמען צונויפגעבונדען גע־וואָרן, איז געקומען פון זיין אייגענער מאַמע. אזוי גרויס איז זיין צער און פּיין, זיין פּארדרוס און זיין אנטריסטונג, אז ער, וואָס איז איבערפילט מיט ליבע צו אלעמען, ווערט פון כחות, וואָס איבער־וועלטיקן אים אליין, געטריבן צו טראַכטן וועגן מאָרד. און נישט

נאָר צו טראַכטן ווערט ער געטריבן, נאָר צו זוכן און צו וועלן טאַקע דערמאָרדן — נישט קיין אנדערן, ווי זיין אייגענע מוטער. ער וויל מאַכן א סוף צום ליגן, וואָס מען האָט אים אָנגעבונדן, און צו דער אומנאַטירלאַכקייט פון די געפילן פון פרוי, פון געליבטער און פון מוטער.

„ער" קומט אריין צום דיכטער אויף אן אומגעריכטן אופן, זעצט זיך אַנידער און הויבט תיכף אָן באַקלאָגן זיך פאר אים:

— מיט אלעס פארטיקן האָבן זיי מיך באַזאָרגט, —
איז דען נישט מאַנגל מיין אמת'ער טרוים?
טעמפּלען האָבן זיי אויסגעבויט פאר מיר, —
איז נישט דער קעלער מיין אמת'ע היים?
מיין שטערן האָבן זיי מיט דיאמאַנטן באַצירט, —
איז נישט דער דאָרן מיין אמת'ער לוין? . .

באַלד אָבער קומט ער צום פאַקט, וואָס זיין מוטער לייקנט אַלץ נאָך אָפּ איר מוטערשאַפט און וויל נאָך ביז היינט צו טאָג זיין א יונג־פרוי . . . און דאָ פארלירט ער אינגאַנצן זיין רואיקייט, און מיט אַלץ א גרעסערער אויפגעשטורעמקייט, און מיט אַלץ א שטאַרקערן אויפברויז פון כעס און צאָרן, קומען ארויס פון אים די ווערטער:

דו ווייסט נישט ווי עס עקלט מיך די ערינערונג,
ווי זי האָט מיך א שטאַרבענדיקן, א צופייניקטן
געקושט מיט הייסע תאוה'דיקע ליפּן,
אזוי ווי זי וואָלט זיין מיין כלה, נישט מיין מאַמע . . .

— — — — — — — — — — — — — —

פון דאמאָלסט אָן קיין איינציקער טאָג פארגייט נישט
איך זאָל ניט אָפּשלאָגן איר שוועל און בעטן זיך:
— אויף אלע גאַסן גיי ארויס און זיי זיך מודה,
דערצייל פון אלע ניין חדשים שווערן טראָגן,
פון אַלע ווייען און יסורים ביים געבוירן,
דערמאָן מיין ערשטן אויסגעשריי און ערשטע וויג־טעג,

און ווי דו האָסט ערצויגן מיך און אויסגעהאָדעוועט. —
דערציייל דעם גאַנצן אמת...", ווייסטו וואָס זי ענטפערט?—
זי ענטפערט גאָרנים. זיצט אַן איינגעוויקלטע אין שוואַרצן,
ביידע הענט פאַרצייילעמט אויפן ברוסט,
די אויגן צו דער הויך פאַרריסן פרום,
און שמייכלט זיך איר רואיקן מאַדאָנע שמייכל . .
— — — — — — — — — — — — — —
מיט אַלע כחות האַלט איך איין אין זיך די שנאה,
איך זאָל נישט אויפהויבן א פוס און מיטן שוך
ניט צוקלאַפּן צום דיל אַט דעם מאַדאָנע קאָפּ . . . —
— — — — — — — — — — — — — —
דו ווייסט נישט ווי עס לאַקט מיך שוין פון יאָרן לאַנג
דער זיסער פיינלעכער געדאַנק פון מוטער־מאָרד
— — — — — — — — — — — — — —
און קומען מוז דאָך אַזא טאָג,
ער מוז דאָך קומען — און א סוף זאָל נעמען.

א סוף זאָל נעמען! — א סוף צו וואָס? א סוף צום ליגן, א סוף צו דער פאַלשקייט, א סוף צו דער אומנאַטירלאַכקייט, וואָס פאַרוואַנדעלט געפילן פון ליבע און אויפריכטיקייט אין געפילן פון שנאה, ליגנערישקייט, שלעכטסקייט און פאַרדאָרבנקייט, וואָס האָט פאַרקריפּלט די שייכות'ן פון מענטש צו זיך אַליין, פון מענטש צום צווייטן מענש, פון מענש צו וועלט און אויך זיינע שייכותן צו גאָט.

* * *

דאָס געפיל, אַז נאָר אין בלוט פון אייגענעם געווויסן קאָן וועלט ווערן ריין, איז דער מקור פון דעם געפיל און פון דער מחשבה, אַז אמת'ע שאַפונג, אויף וועלכן געביט פון קולטור דאָס זאָל ניט זיין, און מער פון אַלץ אויף דעם געביט פון קונסט, מוז טראָגן טיף אין זיך די כונה צו רייניקן די וועלט; דאָס, ווידער, קאָן דורך שאַפונג דערגרייכט ווערן נאָר דעמאָלט, ווען מען

שטרעננט זיך ביז גאָר אָן צו זיין אליין א געליטערטער און א לויטערער; נאָר דעמאָלט, ווען מע פירט אליין א קאַמף ביז בלוט פאר דער ריינקייט פון דעם געוויסן, פאר דער הויכקייט פון דעם מאָראלישן געזעץ, אינעווייניק אין זיך. דאָס דאָזיקער געפיל און די דאָזיקע מחשבה דארפן ארויסגעלייענט ווערן פון אזעלכע לידער ווי: 1) „נישטאָ קיין באהעלטעניש"; 2) „דיינע זינגענדיקע ווערטער"; 3) „שטייט מיין אויסלייזער"; 4) „ליכטיקע לאָמפּן" — פון בוך „אין קיינעמס לאַנד", און דערהויפּט פונ'ם ליד „כי טוב", פון בוך „לידער".

---

אין דעם ליד, „נישטאָ קיין באהעלטעניש", דערציילט זיך וועגן איינעם א באהאַלטענעם, וואָס האָט זיין באהעלטעניש פאַר־לאָזן. און פארלאָזן האָט ער דאָס באהעלטעניש, זעט אויס, נישט צוליב זיין אייגענעם ווילן. מחמת באַלד נאָך די ווערטער „דער באהאַלטענער", קומען די ווערטער: „אַז ווי צו אים". און אָט איז ער איצט „אנטקעגן דער זון, מיט אָן אָפענעם קאָפּ, אנטקעגן דעם ווינט, מיט א נאקעטן לייב, און שלינגט מיט די אויגן דעם מזרח מיט דעם מערב". און נישט נאָר האָט דער באהאַלטענער זיין באהעלטעניש פארלאָרן, נאָר אויך זיין שווייגעוודיקייט. שטייט ער איצט דאריבער און רייסט פון די לונגען דאָס לעצטע געשריי; פונקט אָבער ווי ער קאָן ניט מער געפינען זיין באהעלטעניש, אזוי קען ער אויך נישט ארויסרייסן פון זיך דעם לעצטן געשריי.

— — אָפן איז פאר אים די גאנצע וועלט,
און אלע וועגן — נאקעט, אזוי ווי זיין נאקעטער לייב;
דער, וואָס האָט אראָפּגעריסן פון אים זיינע קליידער,
איז לאַנג שוין נישטאָ, נישטאָ...
דער, וואָס האָט אריינגעשטאָכן אין אים דעם לעצטן מעסער,
איז לאַנג שוין נישטאָ, נישטאָ . . .
דער, וואָס האָט ארויסגעפירט די פלאמיקע זון איבער אים,
איז לאַנג שוין נישטאָ, נישטאָ . . .
נאָר ער אליין קאָן ניט זאָגן אויף זיך דאָס וואָרט:
נישטאָ, נישטאָ . . .

ער האָט נאָך אַלץ פון זיינע לונגען ניט ארויסגעשריען
זיין לעצטן אויסגעשריי.
דער פאַרשאָלטענער — אַז ווײ צו אים
נישטאָ נאָך דאָס וואָרט, וואָס פירט צו באהעלטעניש צוריק...

ווי א פאַרשאָלטענער פילט זיך אַלעמאָל דער, וואָס קאָן נישט זען און פילן דעם פאַרבאָרגענעם כח און זיין אויסדרוק — די אָפענע וועלט; און וואָס קאָן ניט זיך אַליין און ניט די אָפענע וועלט אָננעמען פאר אן אויסגאנג און פאר אן ענדציל. ער קאָן זיך, דאריבער, קיינמאָל ניט פאַרשטעלן אין א צושטאנד, וואָס ער זאָל קאָנען זאָגן אויף זיך: „א סוף צו מיר, איך בין נישטאָ, נישטאָ", ווייל דאָ קומט דאָך באַלד די פראגע: נישטאָ וואו, נישטאָ ווען? און אויב עס בלייבט א וואו און א ווען, וואָס מיין געדאנק קאָן בשום אופן נישט צו נישט מאכן, איז דאָך שוין אין דער אמת'ן נישט פאראָן קיין נישטאָ. איז עס דאָך שוין ווי דער דיכטער לוצקי דריקט זיך אויס, „נישטאָ, — נישטאָ". און אויב עס איז בכלל ניט שייך קיין נישטאָ, איז דאָך אודאי און אודאי נישט שייך צו זאָגן, אז דער איך אליין, זאָל ווען עס איז ניט זיין. בלייבט אָבער ווידער די פראגע, וואָס מאטערט אזוי שטארק פרץ'ס משוגענעם בטלן: „ווער זשע אָבער בין איך אליין? — — נו, זאָל זיין א פרעמדער! ווער איז ער? ווי קומט ער צו מיר? צי בין איך א שטיין און ער א פייגעלע? . . ."

וואו, אלזא, נעמט מען דאָס וואָרט, וואָס זאָל פירן צו „באַהעלטעניש„ צוריק? צוריק צו דעם מקור, וואָס זאָל קאָנען דערפילט ווערן ווי דער מקור פון זיך?

אין וואָס, אָדער אין וועמען, געפינט זיך אַלץ? פון וואָס און פון וועמען נעמט זיך אַלץ? דאָס זיינען פראגן, וואָס מוזן, אויף אזא אָדער אן אנדער אופן, מאטערן דעם, וואָס נעמט אָן, אז פונקט ווי עס זיינען פאראן שטערן אין הימל איבער אונז, אזוי איז פאראן א מאָראלישער געזעץ אין אונז. א מאָראלישער געזעץ אין אונז מיינט, אז עס קאָן ניט זיין קיין הפקר וועלט, אז עס מוז זיין א ווער, וואָס פירט די וועלט.

אָן די מאַטערנישן מיט די פראַגן: ווער פירט די וועלט? ווער פאַרט בין איך אליין? וואָלט דער דיכטער נישט געקענט, אין זיין „אָרעמער מלוכה”, לאָזן, סוף כל סוף, דעם בעטלער מלך — ווערן אַן אמת'ער קאַליקע, און לאָזן אים זאָגן צו זיין זון חיים'ען: „איצט ווייס איך שוין ווער דער שטומער איז”.

דער שטומער איז דער, וואָס פון אים קאָן מען זיך נישט אויסבאַהאַלטן. און ווער עס זוכט דאָס וואָרט, וואָס פירט צו דער באַהעלטעניש, מוז זיך פילן פאַרשאָלטן אין די מאָמענטן, ווען ער קאָן עס נישט געפינען. אין אַזא מאָמענט, גלויב איך, איז געקומען צום דיכטער דאָס ליד: „נישטאָ קיין באַהעלטעניש”.

* * *

די שטומקייט פון דעם שטומען רעדט אין געוויסע מאָמענטן קלאָרער און מיט מער זין און באַדייט ווי די גרעסטע באַרעדעוו־דיקיים: די באַהעלטעניש פון דעם באַהאַלטענעם טראָגט אין זיך דעם כח צו עפענען די אויגן און דערזען אָן א שיעור זאַכן, וואָס זיינען פריער נישט געזען געוואָרן. די שווייגעוודיקייט און די באַ־העלטעניש, וואָס זיינען אַזוי אייגן געוואָרן לייוויק'ס צווייטער געשטאַלט, פירן צו דעם, אַז ער זאָל אין א געוויסן מאָמענט בעטן, אַז ער אַליין און אַלע די, וואָס קענען אַרויסגעבן זינגענדיקע ווער־טער, זאָלן שטום ווערן, כדי צו קענען טיפער באַ־נעמען די מיסטעריע פון דער וועלט, דעם איינס אָדער די איין־איינציקייט, וואָס שליסט אין זיך אַלץ איין. אין דעם דאָזיקן מאָמענט האָבן זיך פון דיכטער אַרויסגעזונגען די שורות:

דיינע זינגענדיקע ווערטער זיינען טויט,
זיי האָבן אין מיין האַרץ מיין אומעט נישט דערפרייט.

און אָנשטאָט צו לייענען די ווערק פון פּאָעט, וואָס געפינען זיך אין זיין ביכער שראַנק, גייט ער אַרום אַליין אין פאַרנאַכטיקן פּאַרק, און דאָרט דערפילט ער, ווי די בלעטער אונטער זיינע פיס,

די וועגלאך פון אספאלט, די ליידיקע בענק און ער אליין — אלע ווערן איין געשטאלט, און

אויך דו, פאעט, ווי איך, און ווי דער טונקעלער אספאלט,
צוזאמען ווערן מיר איין אוונטדיקע רוהיקע געשטאלט.
און אין מיין הארץ, פאעט, אין דיינעם אויך, — געבעט:
ווער שטום, ווער שטום אויף אלע מאל, פאעט . . .

ווען ער דערפילט אמאל, אז זיין בקשה איז ניט דערפילט געווארן, אז זינגענדיקע ווערטער זיינען ארויסגעקומען פון אים אין א צייט, ווען עס פאדערט זיך שטום צו זיין; ווען ער דערפילט, אז אין אים האט צו אפט געזיגט דער איך איבער דעם זעלבסט, די פלאכקייט איבער דער טיפקייט, די נישטיקייט איבער דער ממשות־דיקייט, און, מער פון אלץ, די פארדארבענקייט איבער דעם מארא־לישן געזעץ — בעט ער זיך דאמאלט בא זיין אויסלייזער, ער זאל מיט אים טאן דאס, וואס דער רב, אין דער געשטאלט פון א וואלף, האט זיך געבעטן בא די אידן זיי זאלן טאן מיט אים. ער בעט זיך באם אויסלייזער, ער זאל אים אומברייינגען. ער וויל אומ־קומען, כדי אויפצוקומען.

שטייט מיין אויסלייזער
אין מיין הויז —
א גערופענר,
א געקומענער,
מיך, דעם זינדיקן,
לייזט ער אוים.

אויף זיין לינקער האנט
הענגט א זאק,
אויף זיין רעכטער האנט —
א צוויי־זייטיקע,
א פארבלוטיקטע
שארפע
האק.

נעם מיך, אויסלייזער, —
אין דיין זאַק. —
אַן דערבאַרעמונג
אויף דעם זינדיקן
ניט באַגנאַדיקטן
הויב די האַק.

* * *

ווי זינדיק איינער זאָל ניט זיין אין דער ווירקלאַכקייט, איז דאָס געפיל אליין פון זינדיקייט, און די גרייטקייט צו באַצאָלן מיט דעם אייגענעם קאָפּ פאַר דער דערלייזונג פון זינד, — גענוג אויף צום ברייינגען, אויף א געוויסן מאָמענט כאָטש, אויך דעם געפיל פון אויסערגעוויינטלאכער געלייטערטקייט. און נאָר אזא געליי־טערטקייט, וואָס איבערוועלטיקט די זינדיקייט אין איינעם און אין זעלביקן מענשן, האָט געקאָנט גורם זיין דאָס ליד, „ליכטיקע לאָמפּן“.

— — ווער האָט געצונדן ליכטיקע לאָמפּן אין טויטע פאַר־לאָזענע שטיבער? — אזוי דערציילט דער דיכטער, פרעגן מענשן, וואָס לויפן איבער צעטראָמפּעלטע פעלדער, פאַרפעסטעטע גריבער; אזוי שרייען מענשן אין גאַליקן, אַנגסטיקן פיבער. — און דער דיכטער פילט זיך, אין דעם דאָזיקן מאָמענט פון זיין לעבן, גענוג גייסטיק שטאַרק, גענוג געלייטערט אין דער נשמה, אין אלע זיינע מחשבות, אויף צו ענטפערן קלאָר און שאַרף:

א י ך האָב די ליכטיקע לאָמפּן געצונדן, —
איך האָב די שליסלען פון טויטע פאַרלאָזענע שטיבער;
איך האָב אין אייביקן בונד זיך געבונדן
צו די נשמות פון גופן, וואָס זיינען פון לאַנג שוין
פאַרשוואונדן,
צו די נשמות, וואָס קומען אין נאַכטיקע שטונדן
קלאָפּן אין טירן פון טויטע, פאַרלאָזענע שטיבער, —

דער דיכטער פילט אזוי שטאַרק די נויטיקייט אָנצופילן מיט נשמה די טויטע פאַרלאָזענע שטיבער; ער איז אזוי זיכער אין דעם,

אז אויך מחוץ פון גוף, געוועלטיקט ערגעץ וואו אויף א וועלכן עס איז אופן נשמה און גייסט; אים איז אזוי קלאָר דער אייביקער בונד צווישן זיין נשמה און אלע אנדערע נשמות אין דער וועלט, און ס'איז אים געגעבן געוואָרן אזא דערקענטעניש פון וואונדער, אז אויף זיין אייגענער פראגע: ווער וועט דעם וואונדער באַווייזן? רייסט זיך פון אים אַליין ארויס דער ענטפער:

אַלע געשרייען פון מענשן פאַרגייען —
וועלן פאַרגיין אויך די אַנגסטן געשרייען; —
וועל איך זיך לאָזן דעם וואונדער באַווייזן,
איבערצוטרעטן און איבערצושפּרייזן
איבער די אויגן אויף שטיינער און קעפּ אויף אייזן;
איך האָב אין אייביקן בונד זיך געבונדן
צו די נשמות פון גופן, וואָס דאַרפן ערשט ווערן פאַרשוואונדן,
אויך צו נשמות, וואָס ווייסן נאָך נישט פון די טרייסטפולע שטונדן,
שטונדן וואָס לויכטן אין ליכט פון די לאָמפּן,
וואָס איך האָב אָנגעצונדן
אין טויטע פאַרלאָזענע שטיבער...

צינדן לאָמפּן אין טויטע פאַרלאָזענע שטיבער, ברייננגען ליכט דאָרט, וואו עס הערשט פינצטערניש; ברייננגען לעבן, מוט און באַגייסטערונג דאָרט, וואו ס'הערשט טויטקייט, אָפּגעלאָזנקייט און פאַרצווייפלונג,—דאָס איז דאָס העכסטע געבאָט פון געוויסן; דאָס איז דער העכסטער קאַטעגאָרישער אימפּעראַטיוו פון דעם מאָראַלישן געזעץ.

* * *

אין דעם ליד „כי טוב", זינגט זיך וועגן א מאָלער, וואָס האָט אויפגעמאָלן א תליה, און צו דער תליה צוגעמאָלן א דינעם גוף, און איבערן גוף א פייער־פויגל, מיט אַן אויפגעהויבענעם שנאָבל, וואָס האַלט אין פליען צו דורכזיכטיקע וואָלקנס. די גאַנצע קראַפט פון זיין מאָלן גייט דער מאָלער אַוועק אויף די ווייטע ארומען און אויף די פייערדיקע שפּיצן פון די צוויי פליגל, און דער מאָלער בלייבט

נישט צופרידן מיט דעם געמיש פון אלערליי פארבן, וועלכע ער האט געהאלטן אין איין בייטן.

דער גוף איז געהאנגען אין שאטן קאלט און שארף,
און צוזאמען מיטן מאלער געוואָרט און באזונדער געליטן,
וואס די געגארטע ליניעס קומען נישט אזוי שנעל ווי מען דארף.

און דאס געגארטע איז ניט געקומען אין די ריכטיקע פארבן,
ביז

פון די שפיצן פליגל האט געשפריצט מיט אמתן בלוט,
דער מאלער איז געשטאנען פארגליווערט, ווי פארן אייגענעם שטארבן,
און געקוקט, און געקוקט אויפן בילד און געזאגט:
„עס איז גוט„.

דער דאזיקער „עס איז גוט", קומט אונז צוריק אין זכרון, ווען מיר לייענען די פאלגענדיקע שורות אין לייוויק'ס „א בריוו פון אמעריקע צו א ווייטן פריינט.. :

איך האב קיין צייט נישט אין די אויגן צו קוקן
פונ'ם שכן לעבן מיר וואס שטייט;
איך פיל נאר אין דעם בויג פון זיין רוקן,
אז איך בין א רינג מיט אים אין איין קייט.

אז דער גורל האט אונז צוזאמענגענומען,
און וועט שוין  ק י י נ מ א ל  נים אפבינדן דעם קניפ.
איין דארשטיקייט אויף אונזערביידנס גומען,
און איין שארפקייט אויף אונזער ליפ.

און כאטש מיר קענען נישט איינע די צווייטע,
שניידן מיר זיך אריין אין הארץ ווי א קלין,
און אז מיר צעשיידן זיך — איז אפילו צעשיידטע —
טראגן מיר אוועק אין זיך עפעס א נייעם זין.

א זין פון ערבות פאַר ווערטער און טאַטן,
אחריות פאַר יעדן קער און ווענד;
און זאָל איינער וואו די אחריות פאַראַטן —
וועט דער צווייטער ערגעץ פאַרברעכן די הענט.

ווען מיר לייענען די דאָזיקע שורות, פילט זיך ווי אויסצו־שרייען, ווי דער מאַלער האָט אויסגעשריען, ווען ער האָט דערזען אמת בלוט שפּריצן פון דעם פויגל׳ס פליגל: „עס איז גוט״! עס איז גוט צוליב א סך טעמים; דער עיקר אָבער איז עס גוט דער־פאַר, וואָס עס שפּריצט אין די דאָזיקע שורות, און פון צווישן די שורות, מיט בלוט; מיטן בלוט, וואָס איז דער תמצית פון לעבן — תמצית פון שאַפונג בכלל, און פון קינסטלערישער שאַפונג בפרט.

און דאָ דערמאָנען מיר זיך אָן אייניקע שורות פון לייוויק׳ס „וויג ליד״:

יורש פון דעם וואַנדלער,
הארץ דיינס גיב א ריס:
ראָזשענקעס מיט מאַנדלען
זיינען מער נים זיס. —
איי - לע - לו - לו — ביטער;
איי - לע - לו לו — סם;
צווייגן — מיינע לידער —
ציען זיך צום שטאַם.
איבער אַלע מיילער,
רינט מיין בלוט ווי ווין;
איי - לע - לו - לו — איי - לע, —
שלאָף, מיין לעבן, איין.

מיר דערמאָנען זיך אין די דאָזיקע שורות, מיר לייענען זיי איבער נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל, און זאָגן: יאָ, אוודאי אַזוי, — דאָס בלוט פון קונסט טוט ווי ווין רינען איבער אַלע מיילער, ווייל דאָס דאָזיקע בלוט איז געוויסן, און געוויסן איז אחריות פאַר זיך, פאַר וועלט און פאַר מענש פון יעדן ווינקעלע פון וועלט.

און אלע קלאָגן און אלע פרעגן :
וואָס טוט מען מיט דעם בלוט, וואָס ווערט פארגאָסן ?
און אויב ניט אלע — קלאָג איך איינער :
וואָס טוט מען מיטן בלוט, וואָס ווערט פארגאָסן ?

איינער א בעל חשבון מוז דאָך פרעגן :
וואָס טוט מען מיטן בלוט, וואָס ווערט פארגאָסן ?
איינער א בעל חשבון מוז דאָך פארענטפערן —
— — — — — — — — — — — — — —

אויפן הייסן מדבר זאמד איז אויפגעקריצט געווען מיין גורל !
מיין גורל איז — ג ע ב אָ ט פ ו ן ד ו ר ו ת.
— — — — — — — — — — — — — —
אחריות לויכט אין ליכט פון ליבשאפט.
(גאולה קאמעדיע)

פינפטער קאפיטל

# שיקזאל

## א

ווי געוויסן איז גורם דעם געפיל פון אחריות, אזוי איז אויך אחריות גורם דעם געפיל פון גורל; דעם געפיל, אז וואס עס קומט און וואס וועט קומען, איז א פועל יוצא נישט נאר פון דעם, וואס עס מוז אזוי זיין, נאר אויך פון דעם, וואס עס ד א ר ף אזוי זיין. ווייל הינטער אלץ און איבער אלץ איז פאראן נישט נאר פאר־אויסבאשטימונג, וואס לאזט זיך פילן ווי א מוז, נאר אויך א זין, וואס שפירט זיך ווי א באדארף — ווי אן אינערלעכסטע פארנינפ־טיקע נויטווענדיקייט. דאס איז די נויטווענדיקייט, וואס אנט־פלעקט זיך צו אונז אין געוויסע מאמענטן פון אונזער לעבן, אבער וואס קען קיינמאל ניט דערקלערט ווערן, ווייל זי איבערשטייגט אלע אונזערע פארנינפטיקייטן, אלע אונזערע טראכטונגען און אויס־רעכענונגען. אלץ, אבער, אין אונז, וואס איז גייסט—סיי אין זיינע אויסדרוקן פון פארנינפטיקייט, סיי אין זיינע אויסדרוקן פון בלינדן דראנג, — אלץ אין אונז, וואס ווערט איבערגעשטיגן פון דעם אלוועלטלאכן גייסט, איז פון גרויס וויכטיקייט אין דעם פראצעס פון איבערשטייגונג גופא. צוליב דער דאזיקער וויכטי־קייט גייט אונזער גייסט אריין, ווי אן אינטעגראלער טייל און ווי א ווירקענדיקער כח, אין די באשטימונגען און פאראויסבאשטי־מונגען, אין דעם מוז און אין דעם בעדארף פון אלץ, וואס איז גורל; פון אלץ, וואס איז שיקזאל—שיקזאל פון מענש, שיקזאל פון וועלט, שיקזאל פון זיין און ווערן, פון שטערבן און דערגרייכן.

„די אידעע שיקזאל — שרייבט שפּענגלער — קאָן מיטגע־טיילט ווערן נאָר דורכן קינסטלער, וואָס ארבעט דורך אזעלכע מעדיומס ווי פּארטרעט־מאלעריי, טראגעדיע און מוזיק„.

פון די אידישע קינסטלער ־ דיכטער ווייס איך קיין איינעם ניט, וואָס האָט דורך טראגעדיע ,אין איר טיפסטן זין, אונז מיט־געטיילט אזויפיל פון דער אידעע שיקזאל, ווי ה. לייוויק. נישט איבערגעגעבן געגוג אָבער האָט אונז ה. לייוויק פון זיינע מאָטער־נישן מיט די פראגן: ווער שאפט געבאָטן? ווער באפעלט אליין און אלעמען אין דער וועלט: דו זאָלסט! ? וואָס און ווי אזוי, מוז איך, — מענש — זיך מאלן און פאָרשטעלן דעם געבאָט־געבער און דעם באפעלער די געבאָטן אויסצופירן? וואָס, און ווי אזוי, דארפן זיין מיינע שייכותן צו דעם, וואָס איז אי האר, אי פּאָטער פון וועלט? דערפאר אָבער האָט ער — ווי איך האָב שוין פריער אָנגעוויזן — געגעבן פולסטן אויסדרוק אין זיין דיכטונג, — און געלאָזט זי — די דיכטונג זיינע — דורכגענומען און דורכגעדרונגען צו ווערן מיט דער זיכערקייט, אז עס קאָן ניט זיין קיין הפקר וועלט; מיט דער זיכערקייט, אז אויב עס איז פאראן א וועלט, און אין איר איז פאראן א מענש, וואָס פילט און דערקענט זיך אליין און די וועלט, און דערצו טראָגט נאָך דערדאזיקער מענטש אן אנונג וועגן אן איבערמענטש און איבערוועלט — אויב עס איז פאראן אזא וועלט און אזא מענטש (און אין אזא פאראנענקייט קאָן דאָך קיין שום בר דעת ניט צווייפלען) מוז ער דאָך אָנפילן מיט זין די וועלט, וואָס ער טראָגט אין זיך און איבער זיך. דער דאָזיקער זין לאָזט זיך אין אונז דערפילן ווי געוויסן און אחריות, ווי געבאָט און פאר־באָט, ווי דראנג און קאמף. און פון דעם אלעם ווערט דאָס, וואָס מיר רופן שיקזאל. דער שיקזאל ווערט אונז ניט געגעבן א פאר־טיקער. צו דער פארמירונג פון דעם שיקזאל טראָגט צו דער מענש א גרויסן חלק. דער דאָזיקער חלק, וואָס דער מענש טראָגט צו צו דער פארמירונג פון שיקזאל, איז דער זין פון דעם מענטשנס באַ־מיאונגען און אנשטרענגונגען, פון זיין פילן און באוואוסטזיין. און איז פאראן שיקזאל אין דער וועלט, מוז שוין אויך זיין אין איר זין, ציל און צוועק.

עס איז דער דאָזיקער טיפער שיקזאַל־געפיל אין לייוויקן, וואָס האָט אים אַזוי נאָענט געמאַכט צו דעם גוסס'דיקן נתן ניומאַן. נתן ניומאַן האָט דערפילט דעם דיכטער לייוויק אַזוי נאָענט צו זיך, אַז אין די לעצטע שעה'ן און מינוטן זיינע, זעט ער אין חלום לייוויק'ס האַנט ווי אַ ליכט אין וואַנט, וואָס „באַוועגט זיך, טאַנצט און שפּרינגט צופּלעמלט".

א מענער האַנט? — פילייכט די האַנט פון שכן
פון איבער וואַנט, — דער אידישער פּאָעט?
נאָר ווי אַזוי איז האַנט אַדורכגעקראָכן
דורך וואַנט, און אָט דערלאַנגט זי שוין זיין בעט?

און די האַנט איז דורכגעקראָכן דורך וואַנט דערפאַר, ווייל ווען נאָר מיר ווערן געשטעלט פּנים אל פּנים מיטן שיקזאַל, פּנים אל פּנים מיט די פראַגן פון זין, ציל און צוועק אין דער וועלט; (און ווען נאָך ווערן מיר אַזוי שטאַרק אוועקגעשטעלט אויג אויף אויג מיט אַזעלכע פראַגן, אויב ניט דעמאָלט, ווען מיר דערפילן, אַז אונזערע לעצטע שעהן אָדער מינוטן קומען), ווערן אונז די ווייט־סטע נאָענט, און די נאָענטע נאָך נענטער. און ווער נאָך קען אונז ווערן אין דעם דאָזיקן מאָמענט אַזוי נאָענט ווי דער, וואָס האָט גע־פילט און איבערגעלעבט אַלע אַרויסרופן פון שיקזאַל?

און דאָס געפיל פון נאָענטקייט צו זיך, וואָס לייוויק איז בכח געווען אַרויסצורופן אין דעם גוסס (אַ נאָענטקייט וואָס האָט דורכ־געבראָכן די וואַנט, און דערלאַנגט דעם קראַנקנס בעט) האָט מעג־לאך געמאַכט פאַרן דיכטער אונז מיטצוטיילן, וואָס די שיקזאַל־אידעע, וועלכע נתן ניומאַן האָט אַריינגעזאַפּט אין זיך אין פאַר־לויף פון יאָרן, האָט אויפגעטאָן פאַר אים, פאַר ניומאַנען, אין די מאָמענטן, ווען ער האָט דערפילט דעם אָנקום פון סוף און דעם אויפקום פון דעם, אויף וואָס עס זיינען נישט חל, ניט די באַגריפן פון סוף און ניט די די באַגריפן פון אָנהויב.

געשמידט צום בעט — נישט איין מאָל זיך געשליידערט
אין לוסט און אין חלומות אויפגעברענט,
ביז וואַנען ער האָט זיך דערפילט געלייטערט,
און „יע" געזאָגט צו זיינע שטילע ווענט.

דער „יע" האָט אויסגעדריקט א סך באַטייטן :
— — כ'נעם אָן — — ס'איז גוט — — איך שמייכל צו.
די וועלט איז ד אָ . דאָס צימער האָט פיר זייטן,
און דאָקטאָר זאָגט : דער גאָט פון וועלט איז רו.

פון אַלע אומצייליקע באַשעפענישן אויף גאָט'ס ערד, איז מענש די איינציקע באַשעפעניש, וועמען עס איז געגעבן געוואָרן די מעגלאַכקייט יאָ אָדער ניט צו זאָגן : איך נעם אָן — ס'איז גוט. און דאָ האַנדלט זיך ניט וועגן זאָגן עס א צווייטן, צו אַן אַנדערן; דאָס ווערט געזאָגט צו ז י ך א ל י י ן. דאָס ווערט דערפילט דורך זיך אַליין. אַזוי דערפילן עס קאָן מען ערשט נאָכדעם, ווען מען באַנעמט אין דער גאַנצער ברייט און טיף די קורץ־שפּאַני־קייט פון דער מענשלאַכער עקזיסטענץ, צוזאַמען מיט דעם גאַנצן אויפרור און אויפברויז, מיט אַלע אינספּיראַציעס, אַלע גאַרענישן און שטרעבונגען, אַלע אַנטוישונגען און האָפענונגען, אַלע טואונגען און אויפטואונגען, אַלע מפּלות און נצחונות, וואָס דאָס קורצע מענשלאַכע לעבן ברייינגט מיט זיך. נאָר ווען מען באַנעמטביידע זאַכן : אי די מורא'דיקע קורצקייט, אי די אומדערשעפּלאַכע טיפקייט פון דעם לעבן, דערוועקט זיך מיט אַמאָל א געפיל און אַן אָנונג, אַז קיין סוף איז גאָר ניטאָ. און ביסלאַכווייז, און אַמאָל, גאָר פּלוצלונג, שפּרינגט אויף די פראַגע : „צו איז דאָס שטאַרבן צומאָל ניט א טראָט צו א נייעם לעבן ?"

געפיל און אָנונג פון א נייעם לעבן ברייינגען מיט זיך געלייַ־טערטקייט, און נאָר אין אַ צושטאַנד פון אַזא געלייטערטקייט, קאָן מען זאָגן צו זיך אַליין אין אָנגעזיכט פון טויט : יע — כ'נעם אָן — ס'איז גוט.

דער יע מיינט אויך : אי גאווה, אי הכנעה,
אי פולן איבערייס מיט י ע נ ע ר ז י י ט,
מיט די, וואָס האַלטן אין איין מאָרדן שעה'ן,
מיט די וואָס לינטשן נאָכאַנאַנד די צייט —

זיי מאָרדן שעה'ן, זיי לינטשן נאָכאַנאַנד די צייט, ווייל זיי קניפּן נישט אָן די שעה'ן און די צייט אָן דער אייביקייט, אָן דעם קוואַל פון אונזערע און אַלעמענס שיקזאַלן.

## ב

דאָס געפיל פון פאַרבינדונג מיט דער אייביקייט, פון וועלכער עס שלאָגט מיט גורל, איז דער קוואַל פון אַזעלכע שורות:

די וועלט נעמט מיך אַרום מיט שטעכיקע הענט,
און טראָגט מיך צום פייער, און טראָגט מיך צום שייטער.
איך ברען און איך ברען און איך ווער נישט פאַרברענט,
איך הויב זיך אויף ווידער און שפּאַן אַוועק ווייטער.

— — — — — — — — — — — — — —

איך וואוין אין אַ תפיסה, איך רייט אויף די צעל,
עס טרעט איבער מיר צו זיין גליק דער באַפרייטער,
און מיך לאָזט ער ליגן צובלוטיקט ביים שוועל —
איך הויב זיך אויף ווידער און שפּאַן אַוועק ווייטער.

אין בלוט מיינע קליידער, די פיס קוים איך שלעפּ,
איך קום מיט אַ ליבשאַפט פון לעצטן געלייטער;
איך קום צו אַ שטיבל, איך פאַל אויף די טרעפּ —
איך הויב זיך אויף ווידער און שפּאַן אַוועק ווייטער.

און ווי ווייט און ווי לאַנג, פרעגט זיך, קאָן איינער אַזוי שפּאַנען? און דער ענטפער מוז און קאָן זיין בלויז איינער: — ביז צו דער אומענדלאַכקייט, ביז איבער דער גרעניץ פון צייט און רוים.

נאָר דאָס גלויבן, אַז די טיפסטע געשטאַלט אין מיר, דער טיפסטער און העכסטער אויסדרוק פון מיין מענטשלאַכן מהות, שלאָגט זיך אָן און פאַרוועבט זיך אויף אַזאַ אָדער אַן אַנדער אופן מיט דער אייביקייט; נאָר אַזאַ גלויבן קאָן געבן דאָס געפיל און די

זיכערקייט, אז איך בין ווי דער דאָרן, וואָס קאָן ברענען און ניט פאַרברענט ווערן; אז איך קאָן מיך פון פייער און שייטער אויפֿהויבן און שפּאַנען ווייטער און ווייטער; אזוי ארום הער איך קיינמאָל נישט אויף צו שמידן דער וועלט'ס שיקזאַל, און איך הער קיינמאָל נישט אויף צו זיין א שותף צו מעשה בראשית.

וואָס דען אנדערש, אויב נישט דאָס זיכערע גלויבן אין דער אומצעשטערטבאַרקייט פון מענטשן'ס מהות? וואָס דען אנדערש, אויב ניט דאָס גלויבן אין מענטשנס איינפלוס אויפן גורל פון דער וועלט קאָן און דאַרף ארויסגעלייענט ווערן פון די שורות:

און דו צוזאַמען מיט אַלע קינדער
וועסט נעמען מיין גוף, וועסט נעמען און טראָגן
אהין, וואו מיין גוף טוט אויף אייביק געהערן, —
(דאָס לעצטע וואָרט קען קיינער ניט זאָגן)
מיך טראָגן, און טראָגן און טראָגן.
און קיינמאָל פאַרמאַטערט ניט ווערן.
אזוי האָב איך דיר מיין ברכה געגעבן
ביים לעצטן הויך פון מיין לעבן.
אויפן הארבסטיקן פעלד ערב טאָגן.
(דאָס לעצטע וואָרט ווילט זיך נאָכאַמאָל זאָגן)
און ווארהאפטיק, זע — וועסט קיינמאָל נישט גרייכן
דאָס ארט, וואו מיין גוף טוט געהערן,
און וועסט מיך אייביק אויף זיך מוזן טראָגן.
(דאָס לעצטע וואָרט וועט מער קיינער ניט זאָגן)?
(קום צו מיר)

און מיט וואָס, אויב נישט מיט שיקזאַלישקייט, מיט פעסטן גלויבן אין דער פאַראַנענקייט פון גייסט אין דעם אַל־וועלט, גייסט, וואָס רעדט צו אונז רייד פון טרייסט און בטחון, פון צוטרוי און ליבשאַפט,—מיט וואָס, פרעג איך, אויב ניט מיט אזא גלויבן טראָגט פון אזעלכע שורות אין די „פערזן" (ג):

איז חלום איך אליין, אז ערגעץ איז א לאַנד פאַראַנען,
וואו טויטע וועלן אויפוואַכן צוריק צום צווייטן לעבן.
— — — — — — — — — — — — — —

איז גוט אזוי, ווייל איבער מיר אלע פארביקער און בונטער
גיים אויף מיין חלום פון צווייטן לעבן . . . ?

אָדער פון אזעלכע שורות אין די „פערזן" (ד):

אין געוועב פון ווייסע שטערן זיך אליין פארוועבן,
פאלן, פאלן א צעזייטער, א צעשפרייטער—שטויב פון שטויב,
דא פארגיין און דאָרטן אויפגיין צו דעם צווייטן, צו דעם
דריטן לעבן,

שטיל דאָס ודוי־ליד, און שטילער נאָך פון אויפגיין דאָס
געלויב ?
(אין קיינעמס לאנד)

און אזוי ווי מיט די שורות אין די „פערזן", אזוי אויך מיט די שורות אין „אָוונט ליד". די אייביקייט און די אומענדלאכקייט, דער זיין אין דעם שטענדיקן ווערן, און דאָס שטענדיקע ווערן אין דעם אייביקן זיין, שלאָגן מיט פרייד און גליק, מיט בטחון און טרייסט.

איבער אלע שטיבער,
איבער אלע דעכער
טראָגן זיך אריבער
זילבער ווייסע פעכער,
און זיי פאָכן,
און זיי טראָגן
טרייסט, בטחון צו די, וואָס קלאָגן.
— — — — — — — — — — —

דאָך האָרך
לו—לו—קול —
אלע—לו
נאָכאמאָל.
הא—לו—לו,
אלע דאָ,
אלע הי,
אלעמאָל.

עס איז דאָס קול, וואָס דער דיכטער האָרכט ארויס פון צייט צו צייט פון די טיפעניש̣ן פון דער אייביקייט, פון די אינגעווייד̣ן פון וועלט־גייסט; עס איז דאָס דאָזיקע קול, וואָס גיט אים מוט אויסצורופן:

ברודער מיינער!
לאָמיר זיך אין האָפערדיקייט אָנטאָן,
און צו להכעיס אלע געטער און מזלות
לאָמיר טראָגן אונזער יום טוב'דיקן גורל
דורך פעלדער, גאסן, מארקן, פאליסאדן,
ווי מען טראָגט א פאָן אין אויפגעהויבענע אין פלאטער.

ברודער מיינער, לאָמיר עדות זיין אליין
ווי מיר וואַרפן פייערליכע בשורות
ווענן זיך און ווענן מענטשן
אין נייעם טאָג אריין.
ברודער, זע —
ווי פול און בליענדיק עס וואַקסט דאָס וואָרט —
דאָס ליד אונזערס —
אויף אונזערע, מיט פיין און שטומעניש, פארזייטע פעלדער.

וואָרט — נס פון וואָרט,
פארלאָז אונז ניט;
וואָרט — נס פון וואָרט,
באהיט אונז און באשיץ.

און אויפגעקומען איז דער מאמענט, ווען דער דיכטער האָט דערפילט, אז זיין גלויבן אין וואָרט, זיין הארציקע תפלה צום וואָרט, האָט באמת אָנגעלאָדן אים און זיין אייגן וואָרט מיט אן איבערנאטירלאכן כח. און דורך דעם ווערט אלץ ארום פול מיט וואונדער. און ער פאָדערט פון זיך אליין און פון זיין וואָרט, אז אויך זיי זאָלן וואונדער באווייזן. דער גלויבן, אז וואונדער דארפן געשען, ווייל אזוי פאָדערט דער שיקזאל פון וועלט און מענטש, — דער דאָזיקער גלויבן פארוואנדלט דעם בעדארף אין א מוז, און דעם דיכטער'ס גייסטיק אויג דערבליקט די געשעהעניש̣ן פון וואונ־

דער. דעמאָלט זינגט זיך ארויס פון אים דאָס ליד, וואָס איז אזוי וואונדערלאַך מיט זיין פשטות, און אזוי פשוט אין זיין וואונדער־לאַכקייט — דאָס ליד, „געבענטשט געזאַנג", פון וועלכן מיר ברייננען דאָ די לעצטע שורות:

און אנען וואונדער טו איך אנען
אין צוגעפאַלענקייט צו ערד,
איך בענטש די וויטע וועלט פון דאַנען, —
מיין ברכה מוז איצט זיין דערהערט.
זי מוז, — אין קראַפט פון אל־נסיון
מקוים ווערט וואָס איך פאַרזאָג.
געבענטשט געזאַנג פון לעצטע שעה'ן
אין העלער זון פון מיטן טאָג.

אן אנונג וועגן דעם כח אויפצונעמען אמאָל וואונדער ביז צום גראַד פון א גלויבן אין דער אייגענער מאַכט צו בענטשן וויטע וועלטן מיט א ברכה, וואָס מוז „אין קראַפט פון אל־נסיון מקוים ווערן". אזא אנונג איז שוין געלעגן אויף די אָפגרונטן פון דעם דיכטערס אונטערבאַוואוסטזיין, ווען ער איז נאָך גאָר יונג געווען. די דאָזיקע אנונג קומט צום אויסדרוק אין ליד „אינגלווייז". שוין אינם דאָזיקן ליד פון בוך, „הינטערן שלאָס", דערציילט ער אונז, אז ער, אלס קינד, האָט זיך פאר א גרויסן געהאַלטן, געלעבט מיט זיך אליין, מיט מענטשן פון דערווייטנס. ער האָט דעמאָלט געפילט, אז אין שווייגן זיינען פאַרבאָרגן טיפע מענטשלאַכע ליידן. און ער האָט דאַריבער פאַרנומען אין זיך דאָס שווייגן פון מענטשן מער ווי זייער ריידן. שוין דעמאָלט האָט ער זיך פאַרגעשטעלט, אז פון ליידן וועט קומען עפּעס גרויסעס און וואונדערלאַכעס, און ער ענדיקט דאָס ליד מיט די שורות:

און איך דער ערשטער וועל דערזען דאָס וואונדערלאַכעס, גרויסעס
און מער פון מענטשן עס נישט קענען פאַרבאָרגן;
פון טיר צו טיר, פון שויב צו שויב וועל איך זיך קלאַפּן
און אָנזאָגן דעם ליכטיקן פרימאָרגן.

איך ווייס נישט ווער עס האָט מיך אויסדערוויילט פון אלע,
און פרעמד, פאַרשעמט פון אלעמען דערווייטערט.
אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ האָב איך, פאַר גוט עס אָנגענומען,
מיין יוגנט אין ערווארטונגען געלייטערט . . .

זיין נים ווייסן, ווער עס האָט אים אויסדערוויילט, און פאַר־וואָס מען האָט אים אויסדערוויילט — שטערט נישט דעם דיכטער אין דער זיכערקייט זיינער, אז ער איז פון עמיצן פאָרט אויסדער־וויילט געוואָרן. און ביידע: דאָס נ י ט ווייסן ווער עס איז אזוינס דער אויסוויילער, וואָס דערוויילט, און דאָס ז י כ ע ר ע ו ו י ס ן, אז ער, דער דיכטער, איז אויסדערוויילט געוואָרן, זיינען כאַראַק־טעריסטיש פאַר דעם גאַנצן וועזן, פאַר דער פערזענלאַכקייט פון דעם דיכטער לייוויק, ווי ער האָט זיך ביז איצט אַנטפּלעקט צו זיך אליין און צו אונז.

ג

לייוויק'ס טיפּסטע טראַגיק, ווי איך נעם זי אויף, ליגט אין דעם קאַמף: פון איין זייט זיין זיכערע דערקענטעניש פון אן אויס־דערוויילונגס פּראָצעס אויף דער גאַנצער לענג, טיף און הויך פון וועלט, וואָס דאָס מיינט א זין און א ווערט, א ציל און א צוועק אין דער רעאַליטעט פון וועלט און מענטש; און פון דער צווייטער זייט, די ניט־דערקענטעניש פון אן אויסדערוויילער, וועמען מען זאָל קענען ביים נאָמען אָנרופן ווי א טאַטע זיין זון, אָדער א געליבטער זיין געליבטע. ווי שטאַרק עס איז אין לייוויק'ן די דערקענטעניש פון אויסדערוויילטקייט און אויסדערוויילונג, אזוי שוואַך איז נאָך דערווייל אין אים די דערקענטעניש פון דעם אויסדערוויילער, די ליבע צו אים און די באַהעפטונג מיט אים.

אן אויסדרוק פון דער דערקענטעניש, אז ער איז אויסדער־וויילט געוואָרן אויפצונעמען א קול, וואָס איז איבער צייט און רוים, געפינען מיר אין א סך שורות פון די לידער, וואָס זיינען געשריבן געוואָרן נאָך מיט לאַנגע יאָרן צוריק.

אין די „פערזן" (ד), למשל, פון וועלכע מיר האָבן שוין ציטירט אייניקע שורות, דערציילט אונז דער דיכטער, אז איינער האָט פּלוצלינג איבער זיינע אַקסלען א טויטן גוף ארויפגעוואָרפן, און ארויפוואַרפנדיק דעם דאָזיקן גוף, האָט ער אויסגערעדט בלויז דאָס וואָרט: „אנטרינען". און דער דיכטער האָט פאַרשטאַנען, אז ער דאַרף אַנטלויפן ערגעץ וואו מיט דעם טויטן גוף. מען האָט אים אָבער נישט געזאָגט, מען האָט אים נישט געגעבן קיין שום וואונק וואוהין ער זאָל מיט דעם טויטן גוף אַנטלויפן. דער פאַקט אָבער, וואָס גראד זיינע אַקסלען זיינען אויסגעקליבן געוואָרן צו טראָגן אויף זיך ערגעץ וואו דעם טויטן גוף, רופט ארויס אין אים דעם חלום וועגן א לאַנד, וואו טויטע וועלן אויפוואכן צו א צווייטן לעבן. און ווער ווייסט, אפשר האָט אין דער ווירקלאַכקייט פּאַסירט דאָס היפּוכ'דיקע פון דעם, וואָס איז פאַרבליבן אין זכרון פון דיכטער: אפשר האָט גאָר די וויזיע פון א לאַנד, וואו טויט באַדייט א צווייט לעבן, ארויסגערופן דעם חלום וועגן א טויטן גוף אויף זיינע אַקסלען.

דער טויטער גוף פאַרוואַרפט מיט זיינעביידע עלנבויגן,
און קלאַמערט איין מיין האַלז אין צוויי געפּאַסטע רייפן.
א טאַנץ פון פייערדיקע רינגען ווערט דער שוואַרצאַפּל פון
מיינע אויגן,
און מיינע פיס — פייערדיקער, טאַנצענדיקער לויפן.

דער דאָזיקער חלום פון א טויטן גוף איז ארויסגערופן געוואָרן דערפאַר, ווייל ער איז אויסדערוויילט געוואָרן די טויטע גופן אריינצוברייננגען אין א לאַנד פון א צווייטן לעבן.

מיין חלום וויגט זיך אויף די זיילן שטויב פון אַלע וועגן,
מיין חלום דרייט זיך אין געדריי מיט אַלע פאַלענדיקע
בלעטער;
וואָס איך זע אין מיין געלויף, און וועמען איך באַגעגן
פאַרבאָרג איך און באַהאַלט אין איילעניש אויף שפּעטער.

נישט לאַנג אָבער קאָן דער דיכטער פאַרבאָרגן אין זיך די

געפילן פון זיין אויסדערוויילטקייט. באלד נאָך דעם חלום, וועגן וועלכן ער דערציילט אונז אין זיינע ‚פערזון" (ג), קומט די וויזיע, וואָס וועגן איר לאָזט ער אונז וויסן אין זיינע „פערזון" (ד). אין מיטן העלן טאָג דערזעט דער דיכטער א שווארצן טויער. נישטאָ קיין שלאָס אויף צו עפענען דעם טויער. נישטאָ קיין וועכטער, וואָס זאָל היטן דעם טויער.

און דורך דער טויטער שטילקייט פון ארום פארנעמט מיין אויער

פון ווייטע רוימען א צעשאָטענעם געלעכטער.

פון וועמען לאכט מען דאָרט אין די ווייטע רוימען? מען לאכט פון דעם דיכטער, וואָס וואגט צו גלויבן, אז ער איז דער אויסדערוויילטער, און אז פון זיין כבוד וועגן זאָל זיך פאנאנדערפאלן דער טויער; מען לאכט פון דעם, וואָס ער איז באוועלטיקט געוואָרן פון א גלויבן, אז גראד אים איז עס פאר דער צייט געגעבן געוואָרן א וואונק פון אויבן; א וואונק, וואָס זאָל אים ברייענגען צום קוואל פון אלע קוואלן. בלייבן בלייבט אָבער, ווי אלע מאָל, גערעכט דער דיכטער און נישט די, וואָס לאכן פון דיכטער, פון זיינע וויזיעס און פון זיינע חלומות. אויב נישט גערעכט אין דעם איצטיקן דור, איז אין די קומענדיקע דורות. אזוי איז עס געווען און אזוי וועט עס זיין. זיי לאכן פון דיכטער, ווייל זיי זען נ י ט, וואָס ער זעט י א. און ער בלייבט גערעכט, ווייל ער זעט דאָס, וואָס זיי זעען נים. דאָס איז דער אייביקער אומגליק פון די, וואָס האָבן אויערן און הארכן ניט, און וואָס האָבן אויגן און זעען נים.

דער אָבער, וואָס פילט באמת זיין אויסדערוויילטקייט צו דערקענען דאָס, וואָס אנדערע האָבן נאָך נישט דערקענט; צו דערפילן דאָס, וואָס אנדערע האָבן נאָך נישט דערפילט; דער מוז רעדן וועגן דעם אָפן און פריי צו דער גאנצער וועלט. אזא פריי ריידן פאָדערט פון אים דאָס מאָראלישע געזעץ. מחמת זיין דערקענטעניש פון זיין אייגענער אויסדערוויילטקייט ברייטערט אוים און פארטיפט די דערקענטעניש קוואלן. און דערפאר זאָגט דער דיכטער קלאָר און

שאַרף צו די, וואָס האָבן געלאַכט, און צו די, וואָס האָבן ניט געלאַכט פון אים:

נאָר איך דערזע דעם וואונק פון אויבן, און מיין אויער
דערהערט אַ שאָרך, וואָס שטילט איין דאָס געלעכטער;
אַ פאַרהאַנג הויבט זיך אויף און — זע: איך בין אליין
דער טויער,
און זע: איך בין אליין דער שלאָס, אליין דער וועכטער...

און נאַקעט שטיי איך ביי דעם קוואַל פון אלע קוואלן,
און ס'שפּילט אויף מיר די פאַרב פון אַלע פאַרבן;
עס בענקט אַ יעדעס גליד אין מיר נאָך אויסלייזונג, צעפאַלונג,
צו זאָגן ודוי פאַר דער גאַנצער וועלט ווי פאַרן שטאַרבן...

וואָס איז אַזעלכער דער קוואַל פון אַלע קוואלן? איז דער דאָזיקער קוואַל פון אַלע קוואלן גאָט? אויף דער דאָזיקער פראַגע געפינען מיר נישט קיין ענטפער אין לייוויק'ס דיכטונג. דער נאָמען גאָט זאָגט דערוויַיל, ווי עס זעט אויס, ווייניק, אָדער אפשר גאָרניט אונזער דיכטער — דערפאַר זאָגט אים אָבער גאָר אַ סך דער נאָמען גורל. גורל, שיקזאַל, אחריות, מיינט דערוויַיל אַ סך פאַר אים. און דאָס איז גענוג אַז זיין שאַפונג זאָל באַקומען אומדערשעפּלאַכע טיפקייט, דאָס איז אָבער בשום אופן נישט גענוג פאַר הויכקייט. און די טיפקייט, אָן אָפּגעריסענע פון הויכקייט, צערייסט די נשמה אויף שטיקער. און ניט נשמה און ניט גייסט קענען פאַרטראָגן צעריסנקייט און צעשפּאָלטנקייט. און דער פועל יוצא דערפון איז — אַן אינערלאַכער, ליידנספולער קאַמף, וועלכער איז דער תמצית פון טראַגעדיע. און טראַגעדיע גראָבט אַלעמאָל אין די טיפן, נישט אַלעמאָל לאָזט זי אָבער דערגרייכן הויכן. די בענקעניש פון דעם דיכטער נאָך הויכן, זיין ליידנשאַפטלאַכער פאַרלאַנג צו דערגרייכן הויכן, פאַרשאַרפט פון דאָס ניי די טראַגעדיע, און די טיפן ווערן אַלץ טיפער. און דאָ ליגט פאַר מיר דער סוד פון לייוויק'ס טיפקייט, וואָס ווען (אַזוי האָף איך, און צייטנווייז בין איך איבערצייגט) זיך דערשלאָגן צו הויכקייט.

אַן אָנזאָג אויף דער דערגרייכונג פון הויכן, טראָגן אין זיך זיינע לעצטע לידער; זיין לײדנשאַפטלעך פרעגן: ווער, ווער? ווערט אַלץ לײדנשאַפטליכער, אַלץ פּיינפולער, אַלץ טראַגישער אין אַלע הינזיכטן, און עס איז שווער זיך פאָרצושטעלן, אַז עס זאָל נישט קומען דער ענטפער צו אים אויף זיין לײדנשאַפטלעכן פרעגן: ווער? ווער?

אַלץ איז רו,
נאָר לייב טרייט:
וואו ביזטו, וואו?
וויים, וויים.

די שטילקייט שלינגט
געשרייען איין,
באַפעלט און צווינגט:
ז י י ן, ז י י ן.

מיט הונט און פערד,
מיט שלאַנג און פליג —
אויף האַרטער ערד
ליג, ליג.

די הענט פאַרוואַרף
אַזוי ווי אַ שער, —
מיך וויל, מיך דאַרף —
ווער? ווער?

אַלץ שטומט, ווי גאַט,
און דאָך — הער:
מיך דאַרף, מיך האָט —
ווער? ווער?

(אַלץ איז רו)

אין די דאָזיקע שורות געפינען מיר די אייגענע זיכערקייט, וועגן וועלכער עס רעדט זיך אין ליד „אינגלווייז“. אַ זיכערקייט,

אז דער דיכטער איז אויסדערוויילט; אז מען דארף אים, מען וויל אים און אז מען האָט אים. און ווי ער האָט אינגלוויז נישט גע־וואוסט ווער עס האָט אים אויסדערוויילט, אזוי ווייס ער אויך איצט נישט. די לאַנגע יאָרן פון „געלייטערטער דערוואַרטונג“ האָבן אבער פארשטאַרקט און פארטיפט די אומרואיקייט און די אומ־צופרידנהייט מיט דעם ניט וויסן. ער רייסט זיך אַלץ מער יא צו וויסן, ווער עס דארף אים און ווער עס האָט אים. ווער? ווער?

די דערקענטניש, אז אויסדערוויילונג גייט אַן אויף אזא אָדער אַן אנדער אופן, און אז דאריבער איז ז י י ן אויף דער וועלט א פועל יוצא פון א גייסטיקן באַפעל, פון א גייסטיקן און און ניט פיזישן צוואַנג; אָט די דאָזיקע דערקענטניש גופא, וועלכע מיינט א דערקענטניש פון גורל, איז בכח א סך אויפצוטאָן פאר זיך, פאר וועלט און מענטש. זי אליין קאָן א סך שלעכטס אין גוטס פארוואַנדלען.

און שלעכטס, וואָס איז געווען — איז גוטס געוואָרן
אין דערקענטעניש פון אונזער גורל אויף דער ערד.
(צו אפּאטאשו)

און אויב אזוי, ווערט עס דער חוב פון יעדן איינעם ביז זיין לעצטן אָטעם צוג צו פירן זיין לעבן, אויב אפילו דורך אַלע גהינום'ס, אַלץ ווייטער און אַלץ העכער. מחמת קיינעם איז דאָס לעבן נישט געגעבן געוואָרן סתם אין דער וועלט אריין. און וואָס מער באַוואוסט מיר ווערן, אז אונזער לעבן איז מיט גורל גע־בונדן, וואָס דאָס מיינט מיט גייסט, מיט אייביקייט, מיט אומ־ענדלעכקייט, אַלץ שטאַרקער דערפילן מיר אונזער אחריות דאָס לעבן צו באַהערשן, אַנשטאָט באַהערשט צו ווערן פון דעם לעבן. פון אונטער אַלץ, וואָס דריקט אונז, מוזן מיר מיט אַלע אונזערע כחות זיך פון דאָסניי אויפהויבן און שפּאַנען אַלץ ווייטער און ווייטער.

איך שפּאַן דורך פאבריקן; און פאַל אונטערן ראָד,
איך רייס אויף די דאַמפּן מיט קראַפט מיט באַנייטער,
איך לעג זיך אַוועק ווי א נייער יסוד, —
איך הויב זיך ווידער און שפּאַן אַוועק ווייטער.

אַט שפּאַן איך זיך איין אין געשפּאַן פון אַ פערד,
און איבער מיר בייטשט אַ צוכעס'טער רייטער.
ווי אַן אַקער אַ שאַרפער איך גראָב דורך די ערד,
איך הויב זיך ווידער און שפּאַן אַוועק ווייטער.

איך זיי מיינע לידער ווי קערנער מען זייט,
זיי שפּראָצן, זיי וואַקסן ווי זאַנגען און קרייטער;
און איך אַליין ליג ווי אַ דאָרן פאַרדרייט, —
איך הויב זיך אויף ווידער און שפּאַן אַוועק ווייטער.

און כדי דער דיכטער זאָל קאָנען שפּאַנען ווייטער, האָט ער פריער געמוזט זאָגן קלאָרע און שאַרפע דבורים צו דעם לעבן צו זיינעם. ער האָט געמוזט זאָגן צום לעבן, אַז ער וועט עס פירן דורך אַלע געפאַרן, דורך תפיסה, דורך הקדש, דורך חורבה; אַז ער וועט עס פירן און דורכפירן, אפילו ווען ער זאָל דאַרפן אָנטאָן דעם לעבן אַ קייט אויפן האַלז און אויף דער קייט עס טרייבן דורך גאַסן, דורך מערק, ווי עס פירט אַ ציגיינער זיין בער און אויסשרייען: טאַנץ דיין וועלט־טאַנץ, לעבן מיינס! ער וועט עס פירן און דורכפירן, מחמת ער האָט אַ בונד פאַרשניטן מיטן לעבן. ער וועט זיך ניט אָפּשטעלן אפילו פון שטייפער צו פאַרציען די רינגען אַרום זיין לעבן; ער וועט שטיין מיט אַ געהויבענעם קאָפּ און אויסרופן:

אַט אַזוי ווערט געטאָן,
אַט אַזוי זאָל געטאָן ווערן צו דיר,
לעבן מיינס;
אַט אַזוי זאָל געזונגען ווערן צום טאַקט דיר
דאָס הייליקע ליד מיינס וועגן דיר
פון אייביק ביז אייביק
לעבן מיינס.

(לעבן מיינס)

און הייליק איז דאָס ליד זיינס וועגן לעבן, ווייל דאָס לעבן טאַנצט ניט זיין טאַנץ, נאָר דעם וועלט־טאַנץ. צו טאַנצן דעם וועלט־טאַנץ, מיינט, צו זיין אָרגאַניש פאַרבונדן און פאַרוועבט

מיט דעם שיקזאַל פון וועלט און מענטש; און נאָך מער, עס מיינט צו זיין פאַרבונדן און באַהעפט אויך מיט דעם, וועמען דער דיכטער האָט נאָך ביז איצט נישט דערפילט מיט אַלע אינגעווייידן זיינע, און אים נאָך נישט דערזען פנים אל פנים. צו דער דערקענטעניש פון אים רייסט ער זיך אָבער מיט יעדער שאַפונג אַלץ מער און אַלץ שטאַרקער.

ד

דעם דיכטער'ס רייסן זיך צו דער דערקענטעניש פון דער העכסטער קראַפט, איז געקומען צו אים דורך דערקענטעניש פון דער צווייטער געשטאַלט אין אים. זי לאָזט זיך אָפט דערפילן אַזוי גרויס, ווי די גאַנצע וועלט, און אַמאָל נאָך גרעסער. דער צווייטער געשטאַלט ווערט אַמאָל ענג די גאַנצע וועלט, די גאַנצע עקזיסטענץ, וואָס ווערט אויפגענומען פון אונזערע חושים. און דעמאָלט קומט צום טרעגער פון דער דאָזיקער געשטאַלט די אנונג פון א וועלט און וועלט־אויפהאַלטער. מיט דער דאָזיקער אנונג קומט די בענקשאַפט נאָך דערקענטעניש און נאָך א באַהעפטונג מיט דעם וועלט באַשאַפער.

וועגן דער צווייטער געשטאַלט, ווי א סימבאָל פון דער גאַנצער וועלט, און וועגן דעם געפיל פון ענגשאַפט אין דער דאָזיקער גרויסער וועלט, דערוויסן מיר זיך פון לייוויק'ס ליד „אין דער טיפעניש פון נאַכט“, איינס פון די לידער אין דעם בוך „הינטערן שלאָס“. די האַנט פון דיכטער מאַכט א באַוועגונג אין דער טיפעניש פון נאַכט — א באַוועגונג ווי ער וואָלט עמיצן געזען אָדער עמיצן געזוכט. קיינער ווייסט אָבער נים, וועמען ער זעט איצט, אָדער וועמען און וואָס ער זוכט. און ער אַליין ? ער אַליין — אַזוי זאָגט ער — ווייסט אויך נישט וועמען און וואָס ער זוכט אין דער נאַכט, און צו וועמען די האַנט האָט זיך באַוועגט. וואָס ער ווייסט אָבער יא, איז:

אין דער טיפעניש פון נאַכט בין איך איינזאַם און אַליין,
פון דער גאַנצער וועלט א סימבאָל, אין דער נאַכט, איז מיין
געשטאַלט

און ווי אַלט עס איז דאָס לעבן, בין איך אויך אַזויפיל אַלט;
ווייל איך לויפן זיך באַהאַלטן פון דער וועלט — פון זיך אַליין,
ווערט אַלץ גרעסער אין דער פינצטער מיין געשטאַלט
און ניטאָ וואוהין צו לויפן פון דער וועלט — פון זיך אַליין—

און פון דעמאָלט אָן, און אפשר פון נאָך פריער ביז אויף הײַנטיקן טאָג, האַלט אין איין גרעסער ווערן די דאָזיקע געשטאַלט — די צווייטע געשטאַלט פון דיכטער.

אַם שטאַרקסטן איז עס אויסגעדריקט אין דעם ליד „אַט אַזוי ווי איך בין".

ער, וועלכער איז ניט מער ווי איבער פינף פוס די הויך, גיט זיך מיט אַמאָל אַ צי און מיט אַמאָל אַ וואקס: אַ רגע — און זיין קאָפּ דערגרייכט שוין ביזן הימל. די הענט זיינע דרייען זיך ארום זיך אַליין, ווי עס דרייט זיך אַן אַקס. זיין פאָכן מיט די הענט, ווי מיט די פליגלען פון אַ ווינט מיל, איבער אַלע פיר זייטן פון דער וועלט, רופט ארויס אַ צומישעניש איבער די לענדער, אַן אויפשטייג פון אָפּגרונטן איבער די ים'ען, אַן אויפגעדרייי פון זאַמדן איבער די מדבריות. אין די אָפּגרונטן און אין די זאַמדן דערטראָגן זיך קולות צו אים פול מיט באַפעל צו פאַרשנעלערן נאָך מער זיין געדריי, און אָנצינדן נאָך מער מיט ליכט און מיט פינצטערניש זיינע אויגן . . .

מיט אַמאָל נעמען זיך מיינע קני ברעכן, בויגן,
אַ לעצטער בראָך, אַ לעצטער בויג, און אָט איך פאַל אַוועק.
איך צי זיך אויס און בלייב ליגן ווי אַ פלאַכטע, וואָס איר אָנהויב איז אין איין עק וועלט און איר אויסלאָז אין דעם צווייטן עק.

פון אָנהויב ליג איך אויף דער אויבערפלאַך פון דער ערד מיטן פנים אראָפּ און מיט דער פלייצע ארויף,
און נאָכדעם זינק איך ביסלאַכווייז אריין מיט אַ האַלבן גוף.
אין דעם אויבערשטן שיכט, און דערנאָך — מיטן גאַנצן גוף.
ניט קיין טרויער אין מיין האַרץ און ניט קיין געוויין,
ווייל ניט טויט בין איך, נאָר ווי פעלז קאַלט און האַרט,

און נאָך קאַלטער און האַרטער ניט צולאָזן זיך פאַנאַנדער־
שטויבן.
און אַזוי, ליג איך, ביז עס שטייט אויף אין מיר אַ נייער
ווילן
פון פאַרזונקענקייט צו אויפקומען, צוריק זיך אויפצוהויבן.

געמוזט האָט די אומגעהויערע פאַנאַנדערוואַקסענדיקע גע־
שטאַלט אַראָפּלאָזן זיך אין דער טיף, און אַ דאַנק דעם אויפשטיי־
ענדיקן נייעם ווילן, אויפצוקומען, אונטער אַלע אומשטענדן, דער־
הערט זיך שוין איצט אַמאָל דער „איך רוף צו דיר, גאָט פון דער
טיפעניש". דער דאָזיקער רוף איז אַן אָנזאָג אויף דער געשטאַלט'ס
פאַרזוך אַ הויב צו טאָן זיך אויף פליגלען אין די הויכן אַריין. איך
זאָג אָנזאָג בלויז, ווייל דער דאָזיקער רוף איז לעת עתה, אַ רוף
צו גאָט, אַז ער זאָל זיך אַראָפּלאָזן אין די נידערן, אַנשטאָט ער זאָל
דעם דיכטער אַרויפציען צו זיך אין זיינע הויכן.

זע ווי ווייניק איך פאַרלאַנג:
געבן אַ פלי ווי אויף פליגלען
דורך אַלע ווייטקייטן

און גרייכן די טרעפּ פון דיין שוועל.
אויסשטרעקן די האַנט צו דער לבנה, —
זי איז היינט אַזוי ווייס אָנגעגאָסן, —
און געבן זי אַ צי אַרונטער
ביז צו די טרעפּ פון דיין שוועל.

— — — — — — — — — — — — — —

אויפגעהויבן מיין קול אין אַ תפלה:
— איך רוף צו דיר, גאָט פון דער
טיפעניש, —
און גאָט דערהערט מיין רופן
און נידערט אַראָפּ צו דיין שוועל.

אַנרירן גאָט מיט מיין פּנים
און נאָכדעם מיט אים זיך אַוועקלייגן
אבער צו אבער און איינדרעמלען
מיט אים אויף די טרעפּ פון דין שוועל.

(זע ווי ווייניק)

סיי אויף דעם, אַז דער דיכטער אַליין איז שטאַרק באַוואוסט אויף זיין גאַרעניש נאָך א גאָט דערקענטניש און סיי אויף דעם, אַז די דאָזיקע דערקענטניש, וועלכע ער גארט אזוי שטאַרק, איז נאָך צו אים נישט געקומען, זאָגט עדות איינס פון זיינע גאָר לעצטע לידער „מאָך, וואָלף, גאָט", אין וועלכן עס גייען אריין די שורות:

איך זע נישט אַליין ווי איך נעם ציען
צום גרונט זיך מיט קני און מיט הענט.
אָ, גאָט, צי פאַר דיר טו איך קניען?
צי האָב איך דיך ענדלעך דערקענט?

כ'גיי ארויס פון וואלד, און ווידער —
איך שפּאַן מיט געמאָסטענעם טראָט,
און עס שמעקט פון אַלע מיינע גלידער
מיט מאָך און מיט וואָלף און מיט גאָט.

שוין די פראַגע גופא: צי האָב איך דיך ענדליך דערקענט? — איז אַ באַווייז אויף דעם, אַז די דערקענטעניש איז נאָך ניט געקומען. דער ערשטער און זיכערסטער אויסדרוק פון דערקענטעניש איז די אַבסאָלוטע זיכערקייט אין דעם. ווער עס דערקענט ,דעם קאָן שוין קיינער אין דער וועלט נישט אריינוואַרפן אין ספקות.

און ווי זיכער עס איז, אַז עס איז נאָך נישט געקומען צו לייוויקן די דערקענטעניש פון גאָט, אַזוי איז נאָך מער זיכער פאַר די, וואָס לעבן זיך אריין אין זיין דיכטונג, אַז דאָס גרעסער ווערן פון דער צווייטער געשטאַלט אין אים פאַרשטאַרקט זיין גאַרעניש צו דער דערקענטעניש פון דער העכסטער קראַפט, זיין דראַנג אויפגעהויבן צו ווערן דורך דער דאָזיקער קראַפט, און ביידע, די

צווייטע געשטאַלט צוזאַמען מיט דער דערקענטעניש, פאַרטיפן זיין דיכטונג אַזוי, אַז אין געוויסע מאָמענטן דערגרייכט זי דעם פונקט, אין וועלכן עס גיסן זיך צענויף אַלע דריי דימענסיעס. דאָס פּאַסירט דעמאָלט, ווען דער דיכטער, זוכנדיק אויף אַ ליי־דענשאַפטלאַכן אופן די דערקענטניש פון דער העכסטער קראַפט, דערקענט מיט דער פולסטער זיכערקייט, מיט דעם גאַנצן וועזן זיי־נעם, אַז די אוממיטלבאַרסטע אויסדרוקן פון דער דאָזיקער קראַפט ווי גייסט, אייביקייט און אומענדלאַכקייט, זיינען ענלאַך צו דעם טיפסטן מהות פון דער טיפערער געשטאַלט אין אים. די טיפסטע געשטאַלטן פון יעדער איינציקער זאַך אין דער וועלט, און אויך פון דער וועלט אַלס אַ גאַנצע, דריקן אויס איין און איינציקן אוני־ווערסאַלן מהות, און אין דער פאַרבינדונג מיט מהות פון זאַכן, דערפילט זיך דער מענטש אייביק און אומענדלאַך. און דאָס איז אַ געפיל, וואָס גיט אומדערשעפּלאַכע גליקזעליקייט, אפילו צו די, וואָס זיי איז נאָך נישט געגעבן געוואָרן די נאָט־דערקענטניש.

מיט אָן אַ שיעור מעגלאַכקייטן פאַר גליקזעליקייט איז פול די איבערלעבונג, וואָס קומט צום אויסדרוק אין די שורות:

איך הער זיך צו צו זיך, אַרום זיך, איך זוך מיין שפּור
אין האַרטער ערד, אין רוים, אין נאָהענטע ווינטן;
און וואונדערלאַך גייט אויף פאַר מיר די איינהייט אין נאַטור
ביים שוואַכסטן קנופּ פון פעדימל, פון שפּין געשפּונטן.

איך ווער פריי פון מיין באַזונדערקייט, אַזוי ווי פון אַ שטייג,
איך דערזע מיינע יאָרן ווי בייטן מיר אַהינטער;
איך וויל קומען צו דער חכמה פון דעם קלענסטן צווייג,
צו ווערן צייטיק אַקוראַט פאַרן אָנקומען פון ווינטער.

און ווען עס איז געגעבן געוואָרן די פייהיקייט זיך צוהערן צו זיך און צו דעם אַרום, און זוכן אַלץ מער דעם אייגענעם שפּור אין האַרטער ערד, אין רוים און אין נאָהענטע ווינטן, צו דעם דער־טראָגן זיך אויך קלאַנגען פון שטיין; דער דערהערט אויך דעם געפּליסטער פון שטיין:

— מענטש,
ביזט א זון, א ברודער, א מאן
און פאר עמיצן ביזטו מער פון דעם אלעם;
— שמייכל צו מיר,
נעם מיך ארום, —
ארום, ארום.
לאָמיר אויך זיין גליקלאך,
גליקלאך, גליקלאך.
א שטיין וויל אויך בארירונג פון פינגער,
פינגער, פינגער.

און דער קען ארומנעמען דעם שטיין מיט זיינע ביידע ארעמס און פילן און זען, אז

— דער שטיין האָט געקוקט אויף מיר
מיט נאָך גרעסערער דערקענטעניש.
ווארעמקייט האָט א שטראָם געטאָן אויף מיר,
פון דער טיף פון זיינע געדערים,
דיך פון בלוט און לייב,
ווי פון א טראכט פון א מוטער.
(אין א טאָג פון זון)

און ווער עס פארנעמט אויף אזא הארציקן און אינטימען אופן דעם געפליסטער פון שטיין, דער קאָן אין א געווויסן העלן באַגינען אזוי חבריש זאָגן צו דער ערד:

עפן זיך פונאנדער, ערד:
זיי געגרייט פאר מיר,
ווי איך בין פאר דיר געגרייט;
לייטער אוים דיינע שטויבן פאר מיר,
ווי איך האָב אויסגעלייטערט פאר דיר מיינע גלידער.
(א העלער באַגינען)

און ווען מען דערפילט זיך אזוי שטארק און אזוי אינטים געבונדן מיט שטיין און מיט ערד, מיט מאָך און מיט וואָלף, דעמאָלט

דערלאָזט אונז ניט בשום אופן די דאָזיקע געבונדנקייט פאַרצו־שטעלן זיך, אַז מיר קענען ווען עס איז (אפילו נאָכ'ן טויט), באַרויבט און אויסגעליידיקט ווערן פון דעם, וואָס ווערט באַצייכנט מיט דעם נאָמען גייסט. און אַזוי ווי גייסט קאָן ניט געמאָלט זיין אָן לעבן, ווייל גייסט איז דאָך אייגנטלאָך לעבן אין טיפסטן זין פון וואָרט, — מוזן מיר דעריבער זיך אויסמאָלן דעם טויט ,ווי א צווייט לעבן. און אויף וויפיל אַלץ טראָגט אין זיך א נצוץ פון גייסט, מוז עס אויך אַנטפּלעקן לעבן צו די, צו וועמען עס איז געגעבן געוואָרן אַזעלכע אַנטפּלעקונגען אויפצונעמען. וועגן אַזעלכע אַנטפּלעקונגען רעדן צו אונז די געניאַל דיכטערישע שורות:

פליצעם דריי אהינטערווייַלעכטס רוקן זיך צום גרוב,
בויגן זיך אַרונטער צו די ראַנדן מיטן קאָפּ.
הענט — צוריק צום גראָב אייזן: אַרויף, אַראָפּ;
שפּילענדיקע גראָב־אייזנס דעם וויכן זאַמד
קלאַפּן איין און גלייכן אויס פון ראַנד ביז ראַנד;
פליצעם דריי געלאָדענע מיט לאָפּעטעס און העק
נעמען זיך דערווייטערן און הוידען זיך אוועק.

זעמדעלאַך פון דער ערד, מיט מיר זיך צו באַהעפטן,
דריקן זיך צו מיר מיט בענקענדיקע קרעפטן,
זעמדעלאַך שטרייטן מיט אַן איינגעשפּאַרטן ווילן —
אויפגעוועקטע — קענען זיי זייער אומרו מער ניט שטילן;
יעדעס זעמדל וויל זיין ערשט דאָס לייב מיר צו פאַרדעקן,
אין מיין לייב דאָס נייע צווייטע לעבן אויפצוּוועקן;
די וואָס האָבן מזל אויף מיין פּנים זיך צו לייגן,
ווערן גאָרניט זאַט פון קושן מיר די ליפּן און די אויגן;
די וואָס בלייבן העכער און זיי קענען מיך ניט גרייכן,
טרויערן, באַוויינען זייער גורל אין די הויכן — — —

איז עס א וואונדער, וואָס איינער, וועלכער איז פון גאָט, אָדער, ווי לייוויק וועט נאָך אפשר פאַר א צייט אַלץ זאָגן, פון שיקזאַל, געבענטשט געוואָרן מיט דעם כח און דער פייאיקייט אויסצוזינגען אַזעלכע שורות; איז עס א וואונדער, אַז ער זאָל זיך

אמאָל גאָר פּלוצלונג דערזען ווי א ווייטן, א דערוווייטערטן, און זאָל דערהערן פון איבער בערג, וואָס הויבן זיך העכער ווי זיי זיינען, דעם אויסרוף: „דיך דאַרף מען, דיך"; און אז אים זאָל זיך אויסווייזן, ווי ער ענטפערט: „ווער עס דאַרף מיך נעמען — נעמט. איך בין געקומען אויף דער וועלט מען זאָל מיך נעמען", און מען נעמט אים און מען שלעפּט אים הויך. הויך, אזוי ווי צו אן עשאַפאָט ארויף. מען הויבט אים צוזאַמען מיטן באַרג. זיינע ליפּן געזעגענען זיך מיטן געזאַנג, זיינע אויפגעהויבענע הענט בענטשן אַלעמען, ביז עס פאַלט ארונטער זיין רעכטע האַנט ווי א זאַנג, און די לינקע — ווי אן אָפּגעשפּאַלטענער צווייג; און דערנאָך:

דערהער איך איבער זיך די עכאָס פון מיין אייגן ליד,
ווי גלעקער צעהאַנגענע, צעקלונגענע איבער אַלע הימלען.

(עכאָס)

ה

עכאָס פון זיין אייגן ליד, וואָס טראָגן זיך ווי צעהאַנגענע און צעקלונגענע גלעקער איבער אַלע הימלען, מוז דערהערן יעדער גרויסער דיכטער, וואָס אַנטפּלעקט דורך זיין דיכטונג צו זיין דור און צו די דורות, וואָס וועלן קומען נאָך אים, ניט נאָר זיין אייגן האַרץ בלויז, נאָר אויך דאָס האַרץ פון דער וועלט. און דאַריבער פילט ער, פון צייט צו צייט, נישט נאָר ווי צו בענטשן אַלעמען, נאָר ער דערפילט זיך אליין ווי א געבענטשטער, אפילו דעמאָלט, ווען די, וואָס זיינען נאָך נישט צוגעקומען צום האַרץ פון וועלט, דענקען, אז ער איז פאַרשאָלטן. און צו די דאָזיקע, וואָס דענקען אזוי, זאָגט דער דיכטער:

דו זאָגסט — איך בין פאַרשאָלטן —
זאָג, זאָג.
ס'וועט קומען, שוין געקומען
שוין געקומען פון בענטשונג מיין טאָג.
ס'וועט קומען, שוין געקומען,
אַנטפּלעקט און אין סאַמען מיטן
מיט מיין קאָפּ, מיט מיין פאַרשאָלטענעם,
מיט מיין פאַרשאָלטענעם קאָפּ זיך אריינגעשניטן.

גנעפּנט איז דאָס האַרץ פון דער וועלט,
גנעפּנט ביז דער לעצטער טיף.
און בלוט טריפט — זאָל טריפן,
זאָל בלוט טריפן ביזן לעצטן טריף.

איך דאַרף שוין נישט דערלייזט ווערן.
איך בין שוין דערלייזט.
שוין.
גייט פאַרביי, מענטשן,

גייט פאַרביי, —
ווי איך גיי פאַרביי זיך אליין.
דו זאָגסט — איך בין פאַרשאָלטן, —
זאָג, זאָג.

הינטער מיר און אָט פאַראויס פון מיר,
אנטקעגן מיר
קומט אָן, שוין אָנגעקומען
מיין בענטשענדיקער טאָג.

* * *

די ערשטע פראַגע, וואָס שפּינאָזא שטעלט זיך אין זיין „טראַק־טאַט, וועגן דער אויסבעסערונג פון אינטעלעקט", איז: צי עקזי־סטירט ניט באמת עפּעס אַזוינס, וואָס ווען איך זאָל עס אויסגע־פינען און דערווערבן, וואָלט עס מיר געגעבן די מעגלאַכקייט אייביק צו געניסן פון אַן אומאויפהערלאַכער און העכסטער פרייד. אַן אַנדער נאָמען בא שפּינאָזאַן פאַר דער דאָזיקער פרייד, איז נשמה רו אָדער זעליקייט. זעליקייט אָדער גליקזעליקייט איז פון אַ גאַנץ אַנדער קוואַליטעט ווי דאָס געפיל, וואָס ווערט גע־ווייגטלאַך באַצייכנט מיט די ווערטער: פאַרגעניגן, פרייד אָדער גליק.

גליקזעליקייט איז אַ צושטאַנד פון גייסט, פון נשמה, אָדער פון גאַנצן וועזן, ווען מען דערפילט זיך, אַז מען דאַרף שוין מער נים דערלייזט ווערן, ווייל מען איז שוין דערלייזט. מען דאַרף שוין

מער נישט געבענטש ווערן, מען איז שוין געבענטשט; מען קאָן שוין דאריבער לאָזן מענטשן פארבייגיין, ווי מען קאָן שוין פארבייגיין זיך אליין. דער קוואַל פון דער דאָזיקער גליקזעליקייט פאר דעם מענטשן ליגט, לויט שפינאָזאַן, אין דער ליבע און אי־בערגעבענקייט צו עפּעס, וואָס איז אייביק און אומענדלאך, אָדער צו דער אייביקייט און אומענדלאכקייט גופא.

„די ליבע — שרייבט שפינאָזא — צו אַן אביעקט, וואָס איז אייביק און אומענדלאך, נערט דעם גייסט מיט היילער פרייד, און דאָס איז אזא פרייד, וואָס איז פריי פון יעדן טרויער; און דאָס איז די פרייד, וואָס דאַרף שטארק באַגערט ווערן, און וועלכע מיר דארפן זוכן מיט אַלע אונזערע כחות". די דאָזיקע שורות פון שפּי־נאָזאַן דערקלערן אונז, פארוואָס דער דיכטער דערפילט זיך א דערלייזטער און א געבענטשטער, ווען ער, מיט זיין פארשאָל־טענעם קאָפּ, שניידט זיך אריין אין סאמע מיטן, אין דעם האַרץ פון דער וועלט. אזא ארייַנשנייד גיט אונז, וואָס שפּינאָזא רופט אָן, א דערקענטעניש פון דער איינהייט פון אונזער גייסט מיט דער טאָטאַלער נאַטור, וואָס דאָס מיינט, מיט דעם אוניווערסאַלן גייסט. אזא דערקענטניש מאכט אונז תיכף צו דערפילן זיך אייביק און אומענדלאך. פול ווערט אונזער וועזן מיט זעליקייט. מיר ווערן באהערשט פון א געפיל — אויב מען קאָן עס נאָך אַלץ אָנרופן געפיל — פון אומאָפּהענגיקייט און פרייהייט פון אַלץ, וואָס איז צייטווייליק און באַגרעניצט; פריי און אומאָפּהענגיק פון אנדערע און פון זיך אליין, אויף וויפיל זיי און מיר טראָגן אין זיך באַ־גרעניצטקייט.

גייט פארביי, מענטשן,
גייט פארביי —
ווי איך גיי פארביי זיך אליין — —
הינטער מיר, פאראויס פון מיר,
אנטקעגן מיר,
קומט אָן, שוין אָנגעקומען,
מיין בענטשענדיקער טאָג.

* * *

די גרויסקייט פון דערפילן דעם אָנקום פון אַזאַ טאָג באַשטייט אין דעם, וואָס ניט נאָר פילן מיר אַליין געבענטשט, נאָר מיר זײַנען גרייט אַלעמען צו בענטשן; ניש נאָר פילן מיר זיך אַליין געזעליקט, נאָר מיר זײַנען גרייט אויף אַלץ, כדי נאָר צו ווערן אַ קוואַל פון גליקזעליקייט פאַר אַנדערע.

דער גרויסער באַטײַט פון עסטעטיק, ווי אַ כח פאַר דער פאַר־טיפונג און דערהויבונג פון מענטשלאַכן גייסט, באַשטייט אין דעם, וואָס דאָס געפיל פון שיינקייט, וואָס דער קינסטלער לאָזט אַביעקטן אַרויסרופן אין אונז, איז אומאָפּהענגיק פון קאָנטאַקט מיט די אַביעקטן. אומאָפּהענגיק פון דער מעגלאַכקייט דעם אַביעקט צו דערגרייכן, אים צו באַנוצן, אָדער פון אים אויף אַ פיזישן אופן צו געניסן. מיר קאָנען אויף שטענדיק טראָגן אין זיך דאָס געפיל; מיר קאָנען אָן אָן אויפהער טיף איבערלעבן דאָס דאָזיקע געפיל פון שיינקייט, ווי ווייט אַוועק דער אַביעקט זאָל ניט זײַן פון אונז אין צייט און אין שטח. דער אַביעקט באַהערשט אונז ביז צו אַלע טיפענישן פון אונזער וועזן, ניט שטעלענדיק צו אונז קיינע פאַ־דערונגען, נישט אַרויפלייגענדיק אויף אונז קיינע פליכטן, נישט מאָנענדיק בײַ אונז קיין שום זאַך און נישט צווינגענדיק אונז צו קיין שום אונטערװאַרפונג. די דאַרגס שטערן אונז נישט דאַריבער צו האָבן די עסטעטישע הנאה פון דער רויז, מחמת דער קוואַל פון דער הנאה ליגט דאָך אין איר אומבאַרירבאַרקייט.

די זון, לבנה און שטערן פאַר׳כשופן אונז עסטעטיש. זייער כח דאָס צו טאָן, ליגט זיכער אין זייער ווייטקייט פון אונז און אין זייער הויכקייט איבער אונז. הויכקייט, ווייטקייט און אומדער־גרייכבאַרקייט ציען אונז אַרײַן אין די געוועבן פון אייביקייט און אומענדלאַכקייט, און לאָזן אַרויסטריפן פון זיך אומאָפּהענגיקייט, פרייהייט און גליקזעליקייט. דאָס דורכגייענדיקע ווערט אין אַזאַ צושטאַנד אויפגעלייזט אין דעם אָנקומענדיקן, און דאָס אומקומענ־דיקע לעבט אויף פון דאָס ניי אין דעם אויפקומענדיקן.

און וואָרהאַפטיק, זע — דאָס לעצטע וואָרט
איז קיינמאָל ניט, קיינמאָל ניט לעצט,
איך ליג ווי אויף אַן אָפענעם פעלד,

אויף א הארבסטיקער בעט פון דער וועלט,
און פון דער ערד מיט א טוי ווי אן אָטעם זעצט,
און איך ווארט מיין פריינד אויף דיר,
איך ווארט אויף דיר דו זאָלסט קומען.
יא, וואָרהאַפטיק, זע — דאָס לעצטע וואָרט
איז קיינמאָל ניט, קיינמאָל ניט לעצט —
קום אָן פון מזרח,
קום אָן פון מערב,
קום אָן פון דרום,
קום אָן פון צפון, —
פון וואָס פאר א זייט נאָר דו ווילסט —
קום אָן.
ווייל אַלע פיר זייטן פון וועלט זיינען אָפן.

(קום צו מיר)

וויפיל זעליקייט, אויפקום, גייסטיקע גבורה, וויפיל זעלישע פארטיפונג און דערהויבונג איז דאָ אין דעם ווענן, אין דער דערווארטונג און אין דער האָפנונג אויף דעם אָנקום פון דעם, וואָס לעבט אזוי שטאַרק און אַזוי טיף אין אונז, מיט אונז, אָבער ניט נעבן אונז. דער כשוף פון אָנקום ליגט אין דער קראַפט, צו מאכן זיך אליין פאר א טרייבענדיקער קראַפט פון א נייעם אָנקום; און אזוי פון אייביק ביז אייביק, פון אומענדלאַכקייט ביז אומענדלאַכקייט, אַלץ טיפער און טיפער איבערלעבענדיק די אייביקייט און די אומענדלאַכקייט.

און דערפאַר, ווען דער דיכטער דערפילט די חרפה צו עפענען די אויגן אויף נויאָרקער גאסן, ווייל ער דערזעט דאָרט דאָס אַלט־מאָדישע פון דער וועלט, און דאָס איז:

מאָרד, געפאַנגענשאַפט, הינריכטונג,
פּאַרראַט, אָפּזאָג.
פאַרראַט פון דעם נאָענטסטן,
אָפּזאָג פון געליבסטן;
מיטן רוקן אוועקגעדרייט,

מיט גאָל אויף די ליפּן
מיט נאָדלען־שוואַרצאַפּלען —
שטייט דער נעכטיקער ברודער.

דערפאַר, ווען ער דערזעט זיך אונטער א וואָך פון שומרים א געפירטן צוריק צום אַלטן, צום קאַלטן, אַלטמאַדישן אייביקן לאַנד פון שנייי

צוריק צו אַלע שליאַכן — צום ווייטסטן טראַכט
צוריק:
פון אַלע נצחונות צום שנייי עלענד
צוריק;
אַלע, אַלע, אַלע ווערן פאַרטריבן
צוריק;
אַזוי ווי געווען,
אַזוי ווי עס וואָלט גאָרנישט געשען
פון אייביק.

(דאָס אַלטמאָדישע פון דער וועלט)

— דערפאַר וואָס דער דיכטער דערזעט און דערפילט אַזוי דאָס אַלטמאָדישע פון דער וועלט, אין וועלכער דער מענטש האָט זיך צעוועלטיקט, גאָרנישט אַזוי ווי עס פּאַסט זיך פאַר דעם העכערן באַגריף מענטש — ווערט געבאָרן אין אים „דאָס ליד פון מיין חרוב'ער היים".

דאָס שטיבל, א חורבה מיט אויסגעהאַקטער טיר און פענצטער, אין וועלכער עס וואוינט בלויז א דאַרער הונט מיט אויגן און מיט אַן עק פון א וואָלף; דאָס דאָזיקע שטיבל ווערט אים טייער; און ווי דער הונט האָט זיך דערפרייט מיט אים, מיט זיין פאַרלאָרענעם האַר, אַזוי האָט ער, דער האַר, זיך דערפרייט מיט דער חורבה.

אַזא נס. אַזא זון. אַזא פולקייט.
גיסט זיך און שטראָמט דורך די לעכער
אַריין, אַריין אין דער חורבה!
אַזא היים,

אזא ווייס פייערדיקע היים,
אזא היים,
אזא היים,
אזא היים, —
האָט די זון צו דער חורבה געזונגען.

און אזוי שטאַרק איז ער פאַרכאַפּט געוואָרן מיט דער חורבה, אַז ער האָט אָנגענומען די איינלאַדונג פון הונט בשותפות מיט אים די חורבה צו באַוואוינען, ווייל

דער הונט האָט ארומגעכאַפּט מיינע קני
זיך צוגעטוליעט. געשוויגן.
דערנאָך זיך א שטעל געטאָן אויף די הינטערשטע פיס,
און אריינגעבילט אין פּנים מיר אזוי:
— ביזט נישט הונגעריק, ניט דאר,
און האָסט אפשר פריינט נאָך וואו;
אָבער וואו וועסטו א צווייטן מאָל זען
אזא היים מיט אויגן אין זון אריין?

אויגן אין זון אריין — אויגן אין דער ווייטקייט און אין דער הויכקייט אריין; אויגן אהין, וואו דו ווערסט אוועקגענומען פון דער פלאַכקייט, שמאָלקייט און באַגרעניצטקייט; אויגן אהין, וואו אלץ אין דער וועלט ווערט אויפגעלייזט אין א צווייטער געשטאַלט וואָס טראָגט דיך ווי אויף פליגלען א פאר'כשוף'טן אין דער אייביקייט און אומענדלאַכקייט אריין; אויגן אהין, וואו שרעק און יאוש, אומזין און ווערטלאָזיקייט, ווערט פאַרפלייצט און איבערפלייצט מיט נשמה פעסטקייט, מיט זין און ווערטפולקייטן אָט די דאָזיקע ווענדונג פון די אויגן סימבאָליזירט דורך דער ווענדונג צו דער זון, איז די לעצטע רעטונג פארן מענטש.

און וואָס די זון האָט געטאָן פארן דיכטער, לאָזט דער דיכטער דער לבנה טאָן פאר דעם ארעסטאַנט. ער לאָזט דער לבנה אָנפילן די נשמה פון אן ארעסטאַנט ביז זיין לעצטן אטעם צוג, מיט אומאויפהערלאַכער און אומדערשעפּלאַכער פרייד און גליקזעליקייט, און דאָס טוט ער, נישט געקוקט אויף דער ענגסטער פון אלע ענגסטע

סביבות און אויף די ערגסטע פון אלע ערגסטע אומשטענדן, וואָס אונטער זיי קאָן זיך א מענטש געפינען. ביידע — דערציילט אונז דער דיכטער — שלאָפן זיי: די לבנה אויף די גראטן, און דער ארעסטאנט אויף דער נארע. א דרעמל כאפט אויך דער שומר אויף דער מויער וואנט. און פּלוצלינג:

גיט זיך א כאַפּ דער ארעסטאַנט,
עפנט אויף זיינע ביידע ברעמען,
שטרעקט אוים צו דער לבנה א האנט,
און די לבנה — זי לאָזט זיך נעמען.

פון דער גראטע צום געלענגער־זאַק
און צו די קייטן, צו די רינגען.
און איבערן שטערן, איבערן באַק,
און דורך'ן האלז, — זי לאָזט זיך שלינגען.

מיט לבנה ־ וויין גיסן זיך אָן
דעם ארעסטאנט'ס אלע גלידער
ביז עם פארהאקט זיך צאָן צו צאָן
זיין מויל און ער שלאָפט איין ווידער.

אז דער מאָרגן גלאָק קלינגט
און אלע אויף איבער שוועלן, שטיגן
דוכט זיך אים נאָך אלץ, אז ער ליגט און טרינקט,
און ער בלייבט שוין אזוי אָויף אייביק ליגן.
(באלאדא)

און די דאָזיקע באלאדע וועט אויף אייביק אוועקשטעלן פאר דעם לייענער זיין אייגן לעבן, און דאָס לעבן פון אנדערע, אונטער דעם אספעקט פון אייביקייט. און דער לייענער וועט דערפילן א זעליקייט, וואָס פארטיפט און דערהויבט, און וואָס שטעלט אים אוועק פון יענער זייט פון פלאכקייט און באגרעניצטקייט.

# ליבע.

## א

וואָס די לבנה איז פאַר דעם אַרעסטאַנט, איז אַ סך מער די ליבע פאַר לייוויקן; זי לאָזט זיך נעמען, זי לאָזט זיך שלינגען, וויפיל עס גלוסט זיך נאָר, זי גיסט אָן מיט איר ווייַן אַלע גלידער. און ווי די לבנה, אַזוי בלייבט אויך די ליבע אויף שטענדיק און אויף אייביק אין הימל. זי בלייבט אַן אומדערגרייכבאַרע און אַן אומרעאַליזירבאַרע. און נאָר אַלס אַזעלכע, ווען זי איז נישט דערגרייכבאַר און רעאַליזירבאַר, ווען זי גיט, ווי די זון, איר וואַרימקייט, און ווי די לבנה איר ליכט פון די אומגעהויערע הויכן און ווייטן, פאַרמאָגט זי דעם אויסערגעוויינלאַכן כח צו פירן דעם פאַרליבטן דורך גליקזעליקייט אין די העכסטע הימלען אַריין.

לייוויק, ווי ער לאָזט זיך דערקענען צו אונז אין זיינע ליבעס לידער, דערמאָנט אונז אָן דעם בחור, וואָס ביאַליק מאָלט פאַר אונז אין זיין פּאָעמע, „מגילה פון פייער". אינאיינעם מיט אַלע באַדייטונגען און זינען, וואָס קאָנען פון דער דאָזיקער פּאָעמע אַרויסגענומען ווערן, טראָגט זי אין זיך דעם העכסטן זין פון ליבע.

מירמל קלאָר איז דער גוף, טרויעריק זיינען די אויגן פון דעם מיידל, וואָס דער בחור האָט דערזען אויפן שפּיץ פעלד, ווי אַ מלאך פון צניעות און ליכט. דאָס דאָזיקע מיידל איז דער סימבאָל פון פרויען געשטאַלט. איר איז עס געגעבן געוואָרן די אומדערשעפּ־לאַכע מאַכט און קראַפט אַרויסצורופן אַ געפיל, וואָס האָט נישט

קיין גלייכן צווישן די אומענדלאכע און אומצאָליקע געפילן, וואָס פילן אָן דאָס מענטשלאכע הארץ. דאָס דאָזיקע געפיל צייכנט זיך אויס פון אלע אנדערע געפילן מיט דער ספּעציפישקייט פון גליק און גליקזעליקייט, וואָס ער טראָגט אריין אין דעם וועזן מענטש, פון דעם מאָמענט אָן, ווען דער מענטש ווערט פון דעם דאָזיקן געפיל פארכאַפּט.

די אייגנאַרטיקייט פון דעם דאָזיקן נשמה צושטאנד, אין וועלכן דער ליבעס פייער ווארפט אריין דעם מענטשן, באַשטייט אין דעם, וואָס די נשמה דערפילט זיך אָנגעקניפּט און אָנגעבונדן נישט נאָר אָן דעם אָביעקט פון דער ליבע, נאָר אויך אָן עמיצן, וואָס שטייגט אריבער אלע אָביעקטן אין דער וועלט און אליין ווערט ער פון קיינעם נים אריבערגעשטיגן. די דאָזיקע אָנגעקניפּטקייט און אָנגעבונדענקייט קניפּט און בינדט אָפּ דעם מענטשן פון אלע באגרעניצקייטן. צייט ווערט אויפגעלייזט אין אייביקייט; רוים אין אומענדלאכקייט; גוף אין נשמה; טויט אין א צווייט לעבן; פייערן ברענען און פארברענען נים; וואסערן לעשן און פארלעשן נים, — ציען ארונטער און דערטרינקען נים. דאָס גאַנצער וועזן ווערט אָנגעפילט און דורכגענומען מיט פרייהיים, לויטערקיים און דערהויבענקיים.

דער צאַרטער בחור, מיט די לויטערע אויגן איז פון אלע בחורים (פון די צוויי הונדערט, וואָס דער שונא האָט אוועקגעפירט אין שיפן פון דער געפאַנגענשאַפט פון ירושלים) איבערגעבליבן איינער אליין, און פאַרגעקומען איז אין אים און מיט אים עפּעס אויסערגעוויינטלאכעס. און מחמת ער איז איינער פון די גאָר געציילטע, האָט ער דאריבער געקענט זאָגן צו דער דאָזיקער פרויען געשטאַלט ווערטער, וואָס ווען מען רעדט זיי נאָר ארוים, טראָגן זיי אריבער יעדן וועזן, — אין די העכסטע גייסטיקע וועלטן און פון דאָרט צום אל־העכסטן וועלט גייסט. ער זאָגט צו איר:

„שוועסטער, דו ביזט עס?

ביזטו עס מיין נשמה, דאָס ליכט פון מיין לעבן און דער גוטער מלאך פון מיין הארצן פון קינדהייט אָן ביז איצט — — מיט טויזענטער שטימען האָט מיין נשמה גאָר די טעג פון מיין

לעבן צו דיר געדופן, און דורך טויזנטער, פארהוילענע, פארפלאָנ־
טערטע שטעגן זיך צו דיר געריסן. נאָך אין פריעקן מאָרגן פון מיין
קינדהייט האָט מיין אויג דיין שיינקייט געזען, און ליידנשאפט־
לאך, אין איינזאַמקייט פון פינצטערע נעכט און ראָזע פרימאָרגנס,
געלעכצט נאָך דיין פארבאָרגן ליכט — — איך פלעג אויף א גרין
בערגל ארויפשטייגן, מיינע פיס אין מאָרגן טוי געטובלט און מיינע
אויגן — אין דעם טיפן הימל בלוי. און געזען האָב איך דיין גרויס־
קייט אין מאָרגן שטערן, און אין זיין באַשיידענעם גלאַנץ — דיין
הייליקייט דערשפירט. און ארָאפגעשיינט האָסטו צו מיר מיט
שטילער ליבע, און מיטן אויפציטערן פון דיינע ברעמען האָסטו
מיין האַרץ אויפגעשטורעמט, און ליב באַקומען האָב איך אויך דעם
גאָט פון הימל צוליב דיר.

„און איינפאסן וועל איך דיך ווי א זון אין מיין לעבנס ספער,
און אין ליד פון מיין נשמה וועל איך דיין אנדענק אריינוועבן. —
מיט דיינס א וואָרט — וועל איך אין אונבאַגרענעצטער הויך זיך
אויפהויבן, און ביז די ווייטסטע זונען מיין גליק'ס געשריי דער־
גרייכן".

(„מגילה פון פייער")

* * *

איך ווייס נישט פון קיין איין אנדער אידישן דיכטער, וועל־
כער האָט אזוי ווי לייוויק איינגעפאסט זיין פרויען געשטאַלט ווי
א זון אין זיין לעבנס ספער, און וועלכער האָט ווי ער איר אנדענק
אריינגעוועבט אין אזוינע שיינע און דערהויבענע, טיפע און
שטאַרקע לידער. איר'ס א וואָרט, וואָס ער שטעלט זיך פאָר, אז
זי זאָגט אָדער האָט געזאָגט, הויבט אים אויף אין אומבאַגרענעצטע
הויכן, און לאָזט זיין גליקזעליקייט דערגרייכן ביז צו די ווייטסטע
רוימען. און ווי איר'ס א וואָרט ווירקט אויף אים, ווירקן זיינע
ווערטער וועגן איר אויף אונז.

צו די גאָר ערשטע לידער, געהערט דאָס ליד „געטרייער
גאָט". און נישט ער, נאָר זי זאָגט: „געטרייער גאָט, זיי גוט
צו אים". און ווי אזוי ווייסט ער, אז זי זאָגט אזוי און נישט אנ־

דערש צו גאָט וועגן אים? ער ווייסט עס, ווייל ער זעט זי אין חלום, און אין חלום הערט ער זי זאָגן:

געטרייער גאָט, זיי גוט צו אים . . .
דערמאָנסטט מיין נאָמען אויך.

איך זע עס ציטערן די ליפּן דיר, די הענט
זיך הויבנדיק ארויף . . .
און פּלוצלינג דיין געזיכט צעשמייכלט זיך אין פרייד
און וועקסט פון שלאָף דיך אויף — — —

און ווי אין די ערשטע לידער, אזוי אויך אין די לעצטע, און אין אלע לידער, צווישן די ערשטע און די לעצטע — אין אלע ליבעס לידער איז זי, ווי די זון אָדער לבנה, איינגעפּאסט אין זיין לעבנס ספער: זי איז אזוי ווייט און הויך איבער אים, ווי די לבנה און די זון, און אזוי אין אים און מיט אים, ווי דער שיין פון דער לבנה און די ווארימקייט פון דער זון.

א קול זאָגט צו אים, ווי עס זאָגט נישט קיינער: „דו" — און פון דעם דאָזיקן „דו", ווערט אים אלץ אויף דער ערד היימלאך און אייגן. ער וואנדערט איבערן שטאָט אוועק אין ווייסער קעלט, און עס ווילט זיך אים אנידערקניען פאר אלעמענס אויגן, און ווי ברויט זיך אָפּגעבן דער הונגעריקער וועלט. נישט די ערשטע, נאָר די צווייטע געשטאַלט אין אים, האָט דערהערט דעם דאָזיקן „דו"; און דערפאר האָט ער דערזען גליק, וואָס עס זעט נישט קיינער, א חוץ די לבנה און די שטערן.

אויף א בעט אין א ווינקל ליגט א מענטש, א איינער,
ער ליגט אן אויפגעדרייטער, ווי א קנופּ פון שטריק,
און אין דער אויפגעדרייטקייט זעט ער, וואָס עס זעט נישט
קיינער,
וואָס נאָר די לבנה און די שטערן זעהען: — גליק.
(„דו")

און ווי מיט די ווערטער „געטרייער גאָט" און ווי מיט דעם

וואָרט „דו", אזוי אויך מיטן וואָרט „זיי געזונט". ער דערשפּירט פּלוצלינג, ווי אין אים אליין שרייט דער „זיי געזונט":

ער שרייט אין מיר שוין פון גאַנצע מעת לעת'ן,
און ערשט איצט דערהער איך אים אזוי קלאָר:
אָט דאָ ביזטו געשטאַנען, אָט דאָ ביזטו געזעסן,
ס'איז געווען דו, ס'איז געווען וואר.

קומט די נאַכט און נעמט פּלוצלינג וועבן
אזא קייט ארום מיר פון שרעק און פאַרראַט,
בלייב איך אליין דיר פארטרויט מיט לייב און לעבן,
ווי צו דער ערד דער שטיין, דאָס גראָז און בלאַט.
(אָוונט)

ב

פאַרטרויט מיט לייב און לעבן בלייבט ער איר, ווייל „דער מינדסטער אות פון איר נאָמען ברייינגט אים אָנזאָג פון ליבשאַפט און פרידן; ווייל דורך איר ווערט זיין לעבן צעריסן, צעשטערט און צוריק פאַרבונדן", („דאָ, צו דער נאַקעטער ערד").

ער בלייבט איר אליין פארטרויט מיט לייב און לעבן, ווייל ער האָט דערפילט אין א געוויסן מאמענט פון זיין לעבן, אז ניט צו־שיידן וועט זיי מער „ניט דער שפּאָט פון ליץ און ניט קרומקייטן פון פאַלשן נאר".

מיר וועלן גיין פאַרברידערטע אין לעבן,
דעם וועג פון חבר'שאַפט דורך נייעם צער.

דאָס געפיל פון אומצושיידבאַרקייט מיט זיין ליבן חבר, רופט ארויס אין אים דעם גלויבן, אז ער איז געקומען אויף דער ערד צו לעבן קינדעריש, צו לעבן גלויביק.

ניט שטעל זיך אָפּ, ניט קוק זיך אום אויף הינטער —
ס'וועט מיד ווערן דעם שטיין וואָרפער'ס האַנט;
אהינטער אונז — א שטאַרבענדיקער ווינטער,
פאַראויס פון אונז — אן אויפגייענדיק לאַנד.
(גלויביק)

פארטרויט מיט ליבע און לעבן בלייבט ער איר, ווייל איר נאָמען טראָגט ער דורך פיין און גרויל. און דער פיין און דער גרויל, וואָס אין זיי איז אריינגעוועבט איר געשטאלט, דערפירן אים צו אזא אריינבליק אין טויט, וואָס מאכט מעגלאך פאר אים אויפצונעמען דעם טויט מיט א שמייכל; מחמת טויט ווערט דער־פילט ווי אן אריינקום אין א פארבאָטענעם לאנד, וועמעס טויערן ווערן פון שיקזאל צעעפנט.

און אויך איצטער צעעפענען זיך מיינע ליפן דערנאָך מיט
דער זעלביקער גוטסקייט,
און פאלן צו צו א וואַנט א געפראָרענער, צו א בעט, צו א
שוועל א פאראורטיילטן,
און זיי זאָגן איין וואָרט נאָר — ד י י ן נ אָ מ ע ן.

איך טראָג אים, דעם נאָמען, דורך פיין און גרויל.
עס ראנגלען זיך צוזאמען מיט מיר די זון, די לבנה, די שטערן.
עס ראנגלען זיך צוזאמען מיט מיר דער רעגן, דער ווינט
און דער האָגל.
עס צאפלען זיך אין פיבער, די פארקן, די גאסן, די בענק
פון די פארקן,
עס ציטערן הענטלאך פון א קינד, און עס טוליעט זיך אין
א ווינקל א מוטער

מיט אויגן פון לעצטן טרויער.
וואָס זען די אויגן אין טרויער?

גורל — —

און ווארהאפטיק זאָג איך :—אמאָל וועט דער גורל צעעפענען
מיר און טויער,
וועט אָנצינדן פאר אונז אלע פייערן פון זיין לאנד דעם
פארבאָטענעם,
און מיר'ן מיט שמייכל אריינקומען, געזיכט צו געזיכט און
ליבע צו ליבע אין געגענונג,
און נארישע מענטשן וועלן רופן אונזער שמייכל און פרייען
אריינקומען : טויט.
(וואָלקנס הינטערן וואלד)

פארטרויט מיט ליב און לעבן, בלייבט ער איר, ווייל איר קול, א קול, וואָס איז דורכגענומען מיט „אַנסויפי'קן פיין", דער־מאָנט אים אין דעם, אז ערשט אויף דעם שוועל פון טויט, וואקסן אוים אַזוינע פליגלען, וואָס פארטרייבן דעם טרויער און לאָזן זיין ארט אין אונזער נשמה פארנומען ווערן מיט די געפילן פון בטחון, מוט און האָפנונג; מיט די געפילן פון זיכערקייט, אז עס מוז קומען און אז עס וועלן קומען די יעניקע, וואָס וועלן דערפירן דאָס לעבן אונזערס צו דעם בעסערן און העכערן, צו וואָס מיר האָבן נישט געקאָנט דערפירן. זיי וועלן פארווירקלאכן דאָס, וואָס מיר האָבן געוואָלט און צו וואָס מיר האָבן געשטרעבט, און נישט געקאָנט פארווירקלאכן. דאָס וואָס פאר אונז איז געבליבן חלום, וועט פאר זיי ווערן וואר; וואָס פאר אונז איז געווען אילוזיע, וועט פאר זיי ווערן רעאליטעט.

און אז איך הער דיין קול: „א פיינלאך אנסופיק", —
נעם איך אויף זיך פאר אלע פיינען די שולד,
און איך וויל איין זאך: כאָטש דערזינגען סטראָפיק
דאָס געזאַנג פון אונזער לעצטן געדולד.
שוין, דוכט זיך, צייט אלץ פארשטיין און פארזיגלען,
און די אומגעדולד פארשפאָרן אויף א קייט,
זיינען נאָך אָבער פאראן אזוינע פליגלען,
וואָס וואקסן אוים ערשט אויפן שוועל פון טויט.

עס קומען אן, רינגלען אונז ארום פון אלע זייטן,
מענטשן דרייסטערע מיט אן אנדער מוט,
זיי בייטן איבער אלץ, וועלן אויך אונז פארבייטן,
לאָמיר זינגען צו זיי: אזוי איז גוט, גוט.

(ס'איז דאָ א געזאַנג)

פארטרויט מיט ליב און לעבן בלייבט ער איר, ווי צו דער ערד דער שטיין, דאָס גראָז און בלאַט, דערפאר, ווייל אין איר נאָמען איז פאראן לויטערקייט און פארגעבונג צו שלעכטס און צו זינד. און עס איז זי — דאָס הייסט, דאָס טראכטן וועגן איר און דאָס טראָגן זי אין זכרון — וואָס עפנט פאר אים קרעפטן פון

מענטש און פון נאַטור, און עס ווילט זיך אים מיט אַלעם באַהעפטן און אויסזינגען ווי צו איר: איך קום. — אין ווילן ווילט זיך אים אויסזינגען צו איר: „איך קום", ווייל

דאס לעבן דאָ האָט מיך א סך געבראַכן,
אָבער אין יעדן בראָך גייט אויף א זין,
און עס טוט זיך קיימאָל פון מיר ניט אָפּ מיין בטחון,
אז דו האָסט מיך ליב אזוי ווי איך בין.

און די דאַזיקע זיכערקייט, אז זי האָט אים ליב אזוי ווי ער איז, דיקטירט אין זיין בריוו צו איר — צו דער, וועלכער ער רופט „ווייטער פריינט מיינער" — די שורות:

איך וויל פון דערווייטנס דיין אָטעם הערן,
לייג צו דיינע ליפּן צו דער ערד,
און איך — —מיינע, און אזוי וועלן מיר ווערן
ביידע אין דער ליכטיקער נאַכט דערהערט.

## ג

ביידע, אלזאָ, וועלן זיי דערהערט ווערן אין דער ליכטיקער נאַכט. דערהערט ווערן פון וועמען?

זיי וועלן דערהערט ווערן פון דעם גאָט, וועלכן לייוויק זעט און הערט, אויב נישט אויף דער וואָר, איז אין חלום. און אָט האָט ער אים איינמאָל טאַקע דערהערט און דערזען. און פּאַסירט האָט עס, בעת ער האָט גע'חלום'ט וועגן דעם ווייטן פריינט זיינעם.

געזען האָט ער אין חלום פּשוט וואונדער; וואונדער אזעלכע, וואָס מען קען זיי נאָר אין חלום זען, און דער נאָמען פון ליד, אין וועלכן ער גיט איבער די זעאונג, הייסט טאַקע: „וואָס איז וואונדער?". און ער שטעלט אוועק די דאָזיקע פראַגע נישט כדי צו ענטפערן אויף איר, נאָר כדי אונז צו לאָזן וויסן, אז דאס וואונ־דערליכע לאָזט זיך נישט דערקלערן; דאָס וואונדערליכע ווערט דערפילט און אויפגענומען; און ווער נאָר עס דערפילט דאָס, און

ווער נאָר עס נעמט דאָס אויף, אזוי ווי עס קאָן און דאַרף אויפֿ־גענומען ווערן, דער ווערט געליטערט, דערהויבן און פאַרטיפֿט; דער דערפילט, ווי ער וואָלט זיך אליין איבערגעשטיגן; און זיך איבערשטייגנדיק, דערפילט ער צוויי כחות: א כוח, וואָס שלאָגט ארויס פון אים, און שטויסט אים אַלץ העכער און העכער, און א כוח, וואָס ציט און שריים: שטייג, שטייג! אין דעם שטייגן גופא ליגט אן א שיעור דערגרייכונג. וואָס מער ער שטייגט, אַלץ מער דערפילט ער דעם צונויפגוס פון ביידע קרעפטן אין איין איינציקער קראַפט — דעם העכסטן וועלט־כח!

וואָס איז וואונדער? מען דאַרף נים פרעגן,
איך האָב אין חלום געזען היינט,
אויף אן אָפענעם פעלד בין איך געלעגן
לעבן די פיס פון מיין וויטן פריינט.
אין יעדן שטיין האָב איך דערפילט לשון,
און אין יעדן וואָרט — שטומקייט פון שטיין.
די ערד, ווען די זון האָט זיך פאַרלאָשן,
האָט זיך צעוויכטן ווי ווייסער ביין, — — — —

און אזוי וואונדער נאָך וואונדער ביז:

איבער אַלץ האָב איך געהערט דאָס שפּאַנען
פון א מייליקן, וואַלדיקן טראָט.
איך האָב געפרעגט: ווער שפּאַנט? פון וואַנען?
און א שטימע האָט געענטפערט: גאָט.
איך האָב זיך גאָרנישט דערשראָקן, נאָר רואיק
א צי געטאָן אין דער גלייך ביידע קני,
און געהערט ווי די ערד זאָגט טויאיק:
זיי געגריסט, גאָט, הי.

און אָט איז נאָך א וואונדער, וואָס די פרויען־געשטאַלט באַ־וויזט: זי איז ביים קבר'ס ראַנד געשטאַנען, און מיט א רידל אן ארון פאַרשאָטן, איז אים איצט טייער דעם קבר'ס זאַמד, ווייל איר פוס האָט אויף אים געטראָטן. און ווען ער באַריירט דעם זאַמד

דערשפירט ער די קראפט פון א גבור, און ווען ער הויבט אויף א הויפן ערד, דוכט זיך אים, אז יעדער זעמדל ווערט לעבעדיק און נעמט וואקסן און וואקסט אים אריבער (זיי געבענטשט).

איז עס א חדוש, וואס נאך די אלע וואונדער, וואס זי ווייזט פאר אים און רופט ארויס אין אים זאל אנטשטיין אין אים אזא שטארקער פארלאנג, אז זי זאל אים אנטקעגן קומען?

דו זאלסט קומען אנטקעגן —\
דו,\
און ווידער און נאך אמאל —\
דו.\
אזוי ווי עס זינגט דאס פאלק\
דו־דו\
אין לוי בארדיטשעווערס ליד:\
דו — דו —

— — — — — — — — — — — —

דו.

דו.\
געוועזן.\
ביסט.\
זאלסט אייביק זיין.

(אפענע הימלען)

די בענקעניש נאך דער פרויען געשטאלט רופט ארויס אף אן אומדערקלערבארן און וואונדערלאכן אופן די בענקעניש נאך דער העכסטער קראפט, און דורך דעם ווערט די פרויען געשטאלט העכער, און די העכסטע קראפט אינטימער און קאנקרעטער צו אונז. שווער איז דאריבער דעם בענקנדיקן נאך דער געשטאלט, וואס אין די ווערטער פון געטע „ציט אונז עוויג היניין", זיך אליין אמאל צו כאפן אין זיין אויפרוף „דו" צו וועמען דער הו איז גע־ווענדט — צי צו דיר ליבסטער פרויען־געשטאלט, אדער צו דער העכסטער אוניווערסאלער קראפט? און דערפאר זיינען אייניקע

ליבעם אויסגוסן, צוליב דער טיפער און אייביקער בענקשאַפט, וואָס נעמט זיי דורך, אָנגענומען געוואָרן פאר א בענקשאַפט נאָך דעם, וואָס איז אייביק, און זיי זיינען אלס היילקע געזאַנגען פאַר־רעכנט געוואָרן. און צוריק ווידער האָט ניט איין געליבטער זיך געווענדט צו זיין געליבטע מיט ווערטער, וואָס זיינען גאָר תפלות צו גאָט.

א געזאַנג וואס מיט אים קאָן זיך ווענדן דער ליבהאבער צו זיין געליבטער, אזוי גוט ווי דער גלויביקער צו זיין גאָט, איז לייוויק'ס געזאַנג „אמאָל ווי א בלינדער":

אמאָל ווי א בלינדער,
אמאָל ווי א העלזעער —
גיי איך מיין וועג
צו דיר.

און אַלעמאָל קום איך
צום ראַנד פון אַן אָפּגרונט —
און אַלעמאָל רוף איך
צו דיר.

און אַלעמאָל הערסטו
דעם קול פון מיין רופן,
ווי א זון וואָלט גערופן
צו דיר.

וואו ביזטו? קום העלף מיר —
די פשוט'סטע ווערטער,
אזוי טו איך רופן
צו דיר.

דער זין פון ליד בלייבט איינער און דער זעלביקער, מעג גאָט אָדער געליבטע פארשטאַנען ווערן אונטערן וואָרט „דיר".

און פונקט ווי גאָט קאָן העלפן, ניט קומענדיק צו אונז אין דעם געוויינטלאַכן זין פון וואָרט, אזוי אויך ליגט די גרויסע הילף און דער גרויסער ווירקנדיקער כח פון ליבע אין דעם, וואָס זי, די

וואָס מען האָט ליב מיט אַלע כחות פון דער נשמה, בלייבט ג ע ש ט אַ ל ט. איר הילף און איר כח ליגט אין דעם, וואָס זי בלייבט ווי אַ זון, ווי אַ לבנה, איינגעפּאַסט אין דעם מענטשנס לעבנס ספער.

דאָס איז דער זין פון לייוויק'ס „ים באַלאַדע":

זי, (אָנרופן דאַרף מען זי ניט ביים נאָמען) מיט אַ פּנים אַ ברוינעם און מיט אַ קין אַ געשפּיצטן, שווימט אים נאָך אין די ימים'דיקע שטראָמען, און זוכט אנצורירן מיט איר פאַרליבטן גוף דעם הארטן פּאַנצער פון זיין שיף פון טרוימען. און ער מיט אַ הייסן קול רופט אויס:

— — — — — — — פאַרבלייב
ביז אין אייביקייט אין תהומיקן געלייטער
מיט דיין תאווה'דיקן ניט באַרירטן לייב.

זי פאַרנעמט זיין קול, דעם קול פון חתן, וואָס וועט קיינמאָל ניט ווערן מאַן, און יאָגט אים שוין מער ניט נאָך. זי נידערט אַראָפּ מיט אַ געשלאָסן אויג צום דעק פון אָקעאַן, און שלאָפט דאָרט איר אייביקן פאַר'חופּה'דיקן שלאָף. אין האַלבער נאַכט אָבער, ווען ער רופט און רופט און קאָן זיך נישט דערופן, דערזעען פּלוצלונג זיינע אויגן:

פון דעם אָפּגרונט דעק, דער ליכטיקסטער פון גופן
הויבט זיך, הויבט זיך, ביז ער שווימט אַרויף,
שווימט אַרויף אַן אויסגעצייגענער אַ גלייכער;
שטערן שיידן זיך, צעפאַלן און פאַרגיין;
כלה — קעניגן פון אַלע קעניג־רייכן
איבער ים און הימל אייביק און אליין. —

עס איז דער תהומיקער געלייטער, אין וועלכן עס בלייבט אויף אייביק דאָס תאווה'דיק ניט באַרירט לייב. זי — די פרויען־גע־שטאַלט — ווערט דערפאַר אויף אייביק די קעניגין פון אַלע קעניג־רייכן, וואָס צו איר רופט ער פון צייט צו צייט פון זיינע

טיפענישן, ווי איינער טוט רופן צו גאָט. דאָס איז א רוף, דורך וועלכן ער אליין ווערט געלייטערט, און מיט אים ווערן געלייטערט אויך אלע די, וואָס קענען אזא רוף באַנעמען, איבערלעבן און אין אים זיך אריינלעבן.

⁂

געשטאַלטן, וואָס זוכן שטענדיק איינע די אַנדערע, און צוליב דער אומבאַרירבאַרקייט פון לייב געפינען זיי קיינמאָל נישט איינע די אַנדערע אפילו ווען זיי זיינען אין דער נאָענטסטער נאָהענטקייט — אזעלכע געשטאַלטן ווערן איינע פאַר דער צווייטער א „ווייסע הייליקע טרעפּ"; א טרעפּ אויף צו שטייגן אַלץ העכער און העכער. מיטן שטייגן ווערן זיי אַלץ מער און מער געלייטערט, און אין דער געלייטערטקייט דערפילן זיי זיך אַלץ טיפער געזעליגט און אַלץ מער דורכגענומען מיט העכערער פרייד. אין אזא נאָענטקייט קאָן פּאַסירן, אז

פון צווישן די ליפּן
כאַפּט ארויס אונזער נאָמען דער ווינט,
און דעמאָלט הויבן מיר אָן צו ליבן
יעדעס גרעזל, ווי אונזערס א קינד.

הימל.
און אין הימל — שטערן,
און איך אויף דער ערד,
און דו לעבן מיר אויף דער ערד.

עס שלאָפן איין די גרילן,
נאָר מיר בלייבן איבער וואַך
צו היטן וועלט'ס דילן
אונטערן קיילאַכדיקן בלויען דאַך.

הימל.
און אין הימל — שטערן,
און איך אויף דער ערד,
און דו לעבן מיר אויף דער ערד.

און נאָר איינער, וואָס האָט זוכה געווען, אז א פּרויען־געַ־שטאַלט זאָל זיין פאַר אים „די קעניגין פון אַלע קעניגרייכן איבער ים און הימל אייביק און אליין", קאָן, — פאַרשטעלנדיק זיך, אז ער גייט אויפן וועג צום עשאַפאָט, — זינגען: איך האָב דיך ליב; און חלום'ען, אז עס ווערט אויסגעפירט זיין טיפסטער געבאָט; דער געבאָט, אז אירע ליכטיקע הענט זאָלן ארונטערטראָגן זיין גוף פון עשאַפאָט, און אזוי ארום זאָל ער אליין דערפילן און דורך זיין ליד „עזה כמות אהבה", מאכן גאָר א סך צו דערפילן, אז שטאַרק ווי דער טויט, איז די ליבע.

אין בענטשונג און לויב,
לויב,
לויב,
לויב,
ווערט פארוואַנדלט פּיין, ווערט פאַוואַנדלט שפּאָט, —
מיט געשניטענעם היי,
מיט טוי און מיט רוי־ערד שמעקט דער עשאַפאָט.

— — — — — — — — — — — — — —

תליון פירט,
פירט,
פירט,
פירט,
דורך נאָך־שלאָפנדיקע דאָרף און שטאָט.
און אָט דערפירט.
מיט מיין געזאָנג גיי איך ארויף אויפן עשאַפאָט.

מזרח ברענט.
ברענט.
ברענט.
ברענט.
און אָט ווערט אויסגעפירט מיין טיפסטער געבאָט: —
אויף דיינע ליכטיקע הענט
טראָגסטו ארונטער מיין גוף פון עשאַפאָט.

די זעלביקע געשטאַלט — אַזוי דוכט זיך מיר — וואָס אירע ליכטיקע הענט טראָגן אַרונטער זיין גוף פון עשאַפאָט, ליגט אַליין, ווי דער דיכטער זעט עס אין אַ ווייסן חלום, אויף הוילע ברעטער; און זי און ער ווערן צוויי דרעמלענדיקע מידע געטער, פאַר וועלכע עס קניט די לבנה. און ניט נאָר די לבנה, נאָר אויך די שטערן.

און די לבנה וועקט מיט טרערן:
שטייט אויף: — ווי טאָר אַ גאָט זיין מיד?
אויף איר פאַרקוקט זיך יעדער שטערן,
און לאָזט זיך אַראָפּ און קניט.

אין דעם דאָזיקן ליד „ווייסער חלום” — אַן אמת'ער פּערל אין דער אידישער פּאָעזיע — איז אויף אַ טיפערן, שענערן און נאָך מער סימבאָלישן אויפן אַרויסגעבראַכט דער זעלביקער געדאַנק, וואָס איז פאַרקערפּערט אין ליד „ים באַלאַדע”.

דאָ ווי דאָרט, בלייבן די גופים צעשיידטע. אין דער „ים באַ־לאַדע” איז דאָס וואַסער — דער תהומיקער געליטער. אין „ווייסן חלום” איז עס דאָס פייער. דאָרט, אין וואַסער, און דאָ אין פייער, בלייבט דאָס תאווה'דיקע לייב אויף אייביק ניט באַרירט. עס איז דאָס טיפע ליידן, דאָס איבער מענשלאַך ליידן, עס איז די גבורה פון צאַמען דעם יצר הרע, די טיפסטע און העכסטע גבורה, אפשר, אין דער וועלט, וואָס לאָזט לבנה און שטערן דערפילן די געטלאַכקייט פון די צוויי גופים, וואָס ליגן אויף היילע ברעטער. דאָס בוקן זיך פון לבנה און שטערן פאַר די צוויי גופים, באַצוויבערט אַלעמען, און אין די צוויי גופים ווערן געטער דערזען.

ווען ניט לבנה און ניט שטערן,
צי וואָלט גאָר איינגעפאַלן ווען
פון זייער גוף פאַרצויבערט ווערן
און געטער צוויי אין זיי דערזען.

דער גוף פון זיי — ווי אַלע גופן:
אין פליגלען, האָריק, שאַרף געביינט,
נאָר אָט די זכיה: שטערן רופן,
און די לבנה פאַרכטיק וויינט.

און ווייל די שטערן רופן, און די לבנה וויינט — א רוף און א געוויין, א פארלאנג און א באגער פאר מער געטלאכקייט אין דעם מין מענש — דאריבער

— גיט א בליץ א מזרח פייער
און כאפט אוועק די גופים צוויי.

לבנה יאָגט — צו ניט דעריאָגן,
די שטערן שמעלצן זיך ווי שניי;
אויף פלאקער פייערדיקן וואגן
זיך כאפן אויף די גופים צוויי.

און איידער נאָך א וואָרט זיי זאָגן,
און איידער קול צו קול דערגייט,
אויף צוויי צעפאלט דער פייער וואָגן
און ביידע גופים ער צעשיידט.

דער גאנצער מזרח ברענט אין פלאמען,
ער יאָגט צו מערב פול צוטאָגט,
און ס'יאָגט אין פלאם מיט אים צוזאמען
א געטליך וואָרט א ניט דערזאָגט — — — —

וואסער צעשיידט די צוויי גופים אין דער „ים באלאדע”. פייער — אין דעם „ווייסן חלום”. אין דער צעשיידונג פון גופים ליגט די באהעפטונג פון גייסטער; צעשיידונג און באהעפטונג, וואָס עס טראגט אין זיך — די מיסטעריע פון ליבע און פון לעבן, — לעבן, וואָס טראָגט אין זיך טויט, און טויט, וואָס טראָגט אין זיך לעבן.

## ד

דערקענען און איבערלעבן די גליקזעליקייט פון דער באַהעפטונג פון גייסטער, קאָן נאָר דער, וואָס האָט דערקענט און איבערגעלעבט דעם צער און ווייטאָג פון דער צעשיידונג פון גופים און פון דער גארעניש פון גוף צו גוף.

און אויסדרוק פון דעם דאַזיקן צער און ווייטיק, איז דאָס קול פון שטיין, וואָס חנינה, אין דער „גאולה קאָמעדיע", דערהערט, אָדער וואָס אים דוכט זיך, אַז ער הערט, בעת ער באַהאַלט זיך פון דעם צאָרן פון משיח בן יוסף, אין די שפּאַלטן פון דעם מירמל שטיין, אין דעם ליידיקן געסל, אין עק שטאָט.

חנינה פרעגט: וואָס טוט זיך מיט מיר? וואָס ברענען אַזוי מיינע גלידער? און אַ קול פון שטיין חזר'ט איבער זיינע ווערטער: גלידער.

חנינה פרעגט ווייטער: צי בין איך ניט שיכור פון תאווה ווי אַלע? און קול פון שטיין חזר'ט איבער: אַלע.

און ווען חנינה פרעגט: ווער ענטפערט אויף מיינע פראַגן? קומט דער ענטפער פון שטיין: איך, דער גוף, וואָס איז אין שטיין.

און דער גוף פון שטיין, וואָס סימבאָליזירט דאָ דעם גוף אין נאַטור און מענטש, — אין נאַטור אין קעגנזאַץ צו קולטור, — בעט זיך בא חנינה:

אָ, נעם ניט אוועק דיינע הענט פון מיר,
אַ, קוש מיך, נעם מיך אַרום, אַז ניט וועל איך וויינען.

— — — — — — — — — — — — — —

איך האָב דיך ליב, איך בענק נאָך דיר.

— — — — — — — — — — — — — —

אַלץ, וואָס אויף דער ערד געבוירט,
איך וויל אויך געבוירן,
באַפרוכטפערט זיין, טראָגן און אויסטראָגן.
באַפרוכטפער מיך,
איך וויל געבוירן אַ קינד פון דיר —
ליבער דו,
עלענדער דו.

און ווען חנינה דערזעט, תיכף נאָך דעם, דבורה'לען, פרעגט ער זי, צי איז עס נישט געווען איר קול, וואָס ער האָט נאָר וואָס געהערט. און ווען דבורה'ל, אַ דערשראָקענע און אַ פאַרקלעמטע, ענטפערט:

איך בין געזעסן אין מיין שטוב און געשוויגן,
צו קיינעם ניט גערעדט. וואָס באַטייטן אייערע ווערטער?

קאָן חנינה איר בלויז זאָגן: מיינע פיס האָבן מיך געבראַכט צו אייער שוועל.

דער גוף אין חנינה׳ן, וואָס חנינה האָט גערעכנט, אז עס טאָר ניט זיין מער גוף, האָט דערהערט אין שטיין דאָס, וואָס דבורה׳ל, וועלכע איז געוואָרן פאַר חנינה׳ן שוועסטער, מוטער און נאָך עפּעס מער, האָט אויף אירע ליפּן נישט געוואַגט ארויסצו־ברייננגען.

צו דבורה׳לען האָט זיך נישט דערטראָגן דער קול פון שטיין; זי האָט אנדערש, גאַנץ אנדערש איידער חנינה, אויפגענומען די דערשיינונג גוף. זי האָט נישט דורכגעמאַכט אזא שטאַרקן גע־ראַנגל צווישן גוף און גייסט ווי חנינה; נישט געפילט אזוי שטאַרק, ווי ער, די סתירה צווישן גוף און גייסט; פאַר איר איז דער גוף, וואָס פון אים לייכט ארויס א טיפע גרויסע נשמה, אליין ליכטיקייט; און דערפאַר ווען חנינה שרייט אויס:

מיין גוף טאָר ניט זיין גוף,
ער טאָר ניט,
ער איז פאַ׳רמשפט,
אין זיך אליין פאַר׳משפט.
ער איז אן איבעריקער.

ענטפערט דבורהל:

ער איז א וואונדערליכער.
איר רעדט שלעכטס אויף זיך,
ער איז א באַגערטער.

און ווען חנינה דונערט ארויס:

ער איז א מדבר גוף,
ער איז אן עלענד גוף
צו א קייט געשמידט געווען,

זיין גייסט — ליכטיק,
גייסט פון דער וועלט,
און ער אליין איז איבעריק.

ענטפערט אויף דעם שטיל און געלאסן דבורהל, מיט ווערטער וואָס דריקן אויס זייער א טיפן אריינבליק אין די שייכותן צווישן גוף און גייסט:

גייסט פון דער וועלט,
אויך גוף פון דער וועלט,
ליכטיק און געבענטשט.
די וועלט איז פול מיט וואונדער,
אויך גוף־וואונדער,
און גוף פון חנינהן —
נאָך וואונדערליכער.
גייט פרעגט מיין דיל,
גייט פרעגט ביי די פענצטער.
איר הערט, די וועלט זינגט געזאנגען פון וואונדער.

דבורהל׳ס ליבע צו חנינה׳ן איז א ליבע, וואָס האָט אין זיך סינטעטיזירט די געפילן פון א שוועסטער, מוטער און פון עמעצן, וואָס איז נאָך מער איידער שוועסטער און איידער מוטער. זי טראָגט אין זיך גייסטיקע דערהויבונג און פארטיפונג; אָט דער דאזיקער געפיל פון דבורהלן צו חנינהן, וועלכער אין אזוי אנדערש פון דעם געפיל פון לילית׳ן צו משיח בן יוסף, האָט אויפגעלייזט פאר איר חנינה׳ס גוף אין גייסט. און גוף איז הייליק געווארן דורך גייסט — און גייסט איז אינטימער געוואָרן דורך גוף.

חנינה, וואָס האָט זיין גאנץ לעבן אפגעלעבט אין איינזאמקייט, האָט נישט געקאָנט טאָן מיט זיין גוף, וואָס דבורהל האָט מיט איר גוף געטאָן. און דערפאר קומט אים אויס אויסצושטיין אזויפיל צער און ווייטיק פון זיין גוף, און דערפאר דער געשריי צו דבורהלן:

ציגדט אן דעם מזבח,
לייזט אויף דעם גוף,
פארברענט אים

און ווען דבורהל טענה'ט: נישט פארברענען אים, — נאָר הייליקן, בעט זיך חנינה:

לייזט אויס מיך פון גוף!

***

צום שטאַרקן אויסדרוק קומען אויך די ווייטאָקן, וואָס דער גוף פאַרשאַפט, אין דעם ליד מיטן נאָמען „דער אסקעט".

די „זי" — דער גוף געשטאַלט פון פרוי — ווערט אין דעם ליד „אַסקעט" סימבאָליזירט אלס נאַכט. צו איר, צו דער נאַכט, פאַלט צו דער אסקעט קניענדיק אויף די קני, אויף גראָזיקן בעט. אין תענוג פון פיין פאַרבראָכענע הענט, זינקען איין אין לבנה בלענד

עקסטאַז פון געוויין,
עקסטאַז פון געבעט,
אינ'ם בלענד מיט די ציין
בייסט זיך איין דער אסקעט.

און אין דעם דאַזיקן עקסטאַז ווערט אריינגעשלעפט נישט נאָר מענטש, נאָר די גאַנצע נאַטור. בוימער רייסן זיך אויס מיט די שלאַנגיקע צעפּ, שטיינער טאַנצן ארוים מיט געשליפענע קעפּ.

און בוימער און שטיין
אין יסורים געשריי
די אסקעטישע ציין
האַקן אויס אין געדריי.

און צעשפּאָלטן זיין קאָפּ
און זיין נאַקן אויף צוויי,
און זיי טראָגן זיך אָפּ
אין געדריי, אין געדריי.

דער ענטפער אויף דער פראגע: פאַרוואָס לאָזט דער דיכטער בוימער און שטיינער אזוי אכזריות'דיק זיך באַגיין מיטן אַסקעט, געפינען מיר אין די שורות פון ליד „ווי - פּור-וויל":

אלע מיר,
מאַן און פרוי,
פרוי און קינד —
וואַלד אין אונז,
שלאַנג אין אונז,
קלאַפּער — קלאַפּער
קלאַפּער שלאַנג אין אונז.
ערד:
פאַר דיר קען איך אָפּן זיין, ערד
צו זאָגן:
איך בין דאָרשטיק,
איך בין הונגעריק,
איך בין שלעכטס,
איך בין תאווה'דיק.
מיינע ליפּן, מיינע פאַרשאָלטענע,
רייסן זיך פאַנאַנדער, ווי ביים טיגער,
און מיט ציין און מיט נעגל
וואַרף איך זיך אַרויף אויף גאָט, אויף מיין באַשעפער
און איך שטעך אים דורך זיין האַרץ . . .

דאָס געפיל פון דאָרשט, פון הונגער, פון שלעכטס, פון תאווה — דאָס געפיל פון דער חיה אין מענטש, לאָזט מענטש, אין מאָמענט פון געראַנגל צווישן חיה און מענטש, קומען צו לעס-טערונג פון גוף.

אין דעם גייסטיק לאַבירינטישן ליד, „וואָלקנס הינטערן

וואַלד" — סינטעז פון אַלע לידער — אין דעם בוך „לידער" — ווערט די דאזיקע לעסטערונג פון גוף איבערגעגעבן אין די שורות:

איך נעם לעסטערן: — גוף. וואָס איז גוף? —
צי מיינער, ניט מיינער, — ווער דאַרף אים?
ליב — זינד. חוזק טומאה. א צילברעט
פאַר פייניקונג. וואונד.
צעשטעך אים מיט דאָרן, דעם גוף, דערלאַנג אים מיט א האַק
מיט א טעמפּער,
ווייל ער איז אליין דאָרן, אליין — האַק, אליין —
פאַראַכטונג און לעסטערונג.
און ווער זאָל ליב האָבן און ליימערן, אז אויך דיך,
האָב איך אָנגעטיילט מיט שנאה, —
אז אויך דיך האָב איך אָנגעפילט מיט טרויער,
מיט ספקות און וואַקלעניש,
און מיינע אייגענע ווערטער צעשיטן זיך איבער מיר
ווי א האַגל פון שטעכיקע נעגל.
— זאָל אויפשטיין די חיה אין מענטש! — שטיי אויף,
שטיי אויף, טויזנטיאַריקע!
מיט די נעגל אין אייגענעם פלייש אריין, אין געזיכט אריין!
שטיי אויף, עלנט
שטיי אויף, פארניכטונג! שטיי אויף, מאָרד,
פאַרטיליקונג! — דער סוף קומט!

עס קאָן אָבער נישט קומען דער סוף, דער סוף אין דעם בוכשטעבלאַכן זין פון וואָרט, פאַר דעם, וואָס פילט און ווייסט, אז ס'איז פאַראַן א קרוין פון שיינקייט אפילו אויף נאַקעטע בוימער, אויף חיות אין שטיינער און אויף דערנער; אז חומר קאָן געלייטערט ווערן, און מיט געזאַנג פון געלייטערטן חומר קאָן מען זייען שיינקייט אין זיך ווי מען זייט קערנער. א סוף, וואָס זאָל נישט נאָכגעפאָלגט ווערן מיט א נייעם אָנהויב, איז ניט שייך פאַר דעם, וואָס אין די מאָמענטן פון פילן די חיה אין זיך, דער־פילט ער אויך גלייך דעם אינטענסיוון חיה צווימער

דעם געוועלטיקער איבער דער חיה אין זיך. דער פיין, וואָס לאָזט פון זיך ארויסשרייען: זאָל אויפשטיין די חיה אין מענטש, לייטערט תיכּף אויס און לאָזט דאָס גאַנצע וועזן מענטש דורכ־גענומען ווערן מיט א זעליקייט, וואָס אָטעמט ארויס פון די שורות:

ס'איז וואונדערלאַך צו זען די מאַרטירערשאַפט פון פינגער,
פון אונזערע תאוות די אייביקע צוימער, —
ווי זיי לאָזן זיך פייניקן פון אייגענעם הונגער
צו בלייבן פארגליווערט ווי די צווייגן אויף בוימער.

— — — — — — — — — — — — — — —

געשריי וועקט געשריי. זיי וואַכיק, מיין שומר,
שטיי גרייט מיטן קנוט, מיט כּלי זין,
איבער מיין אייגן ליד פון געלייטערטן חומר
די טיגערס פון מיין הארץ שפּרינגען אויף און שרייען.

שטיל, טיגערס מיינע, רוט אין די שטייגן,
אויך איר, הירשן מיינע, פארנוויגט די הערנער, —
די קרוין פון שיינקייט אויף נאַקעטע צווייגן,
אויף האָגל, אויף שניי און אויף דערנער.

(די קרוין פון שיינקייט)

לייוויק, אַלזאָ איז פון די דיכטער, וואָס קאָנען לייטערן דעם חומר און זייען ווי קערנער די געלייטערטע שיינקייט אין זיך, בענטשן די פרייד, וואָס זייערע שאָטנס ווארפן, כּדי איינער דעם צווייטן פון ווייטן צו דערלאַנגען; ער קאָן, ווי מיר האָבן שוין פריער געזען, צעעפּענען זיינע ליפּן מיט גוטסקייט, צופאַלן צו א וואנט א געפּראָרענער, צו א בעט, צו א שוועל א פאַראורטיילטן און זאָגן נאָר איין וואָרט: — א י ר נ אָ מ ע ן: — עס ווילט זיך נאָכאמאָל ברייגען די ווערטער:

און וואָרהאפטיק זאָג איך: — אמאָל וועט דער גורל
צעעפענען טיר און טויער,
וועט אָנצינדן פאר אונז אַלע פייערן פון זיין לאַנד
דעם פארבאָטענעם,

און מיר'ן מיט שמייכל אריינקומען, געזיכט צו געזיכט
און לייב צו לייב אין געזעגנונג,
און נארישע מענטשן וועלן רופן אונזער שמייכל און
פרייען אריינקומען: טויט.

— ער קאָן וואָרהאַפטיק זאָגן צו דער וועלט, אז ער האָט אויף א צייט, ווען שיקזאַל וועט זיי ביידן, אים און זי, וועמעס נאָמען עס טוט וואונדער אויף פאר אים, אריינברייינגען אין דעם פארבאָרגענעם לאַנד. ער האָט געקאָנט אַנטפּלעקן צו דער וועלט זיין האָפנונג, אז אין דעם דאָזיקן פארבאָטענעם לאַנד וועט שיקזאַל אָנצינדן פאר אים און פאר איר אַלע פייערן. און ווייל ער קאָן דאָס אַלץ טאָן, האָט ער דעריבער אויך געקאָנט זיך אַזוי שטארק און טיף אריינלעבן אין דער טראַגעדיע פון די שיקזאַלן פון די היסטאָרישע פיגורן — אַבעלאַרד און העלואיז. ער האָט ווי זעלטן ווער אויך געקענט אויף אזא אינטימען אופן זיך אליין אַנטפּלעקן צו אונז דורך דער דאָזיקער טראַגעדיע, ווי ער האָט זי אויפגענומען אין זיין שיינער און שטארקער, נאָך ניט געדרוקטער דראַמאַטישער פּאָעמע, „אַבעלאַרד און העלואיז", וועלכע איך האָב געהאַט די מעגלאַכקייט צו הערן לייענען זי פּאָרלייענען אויף אַן אָוונט.

ז י ב ע ט ע ר   ק א פ י ט ל

# אבעלארד און העלואיז

## א

דעם דיכטערס גאנצע פערזענלאכקייט, זיין זעלבסט דער־קענטניש, זיין צוויי געשטאלטיקייט, זיין רייסן זיך אין קיינעמס לאנד, זיין בליק אויף מענטש און זיין ראָלע אין דער וועלט, זיין אריינבליק אין די שייכותן צווישן מענטש, וועלט און גאָט — דאָס אַלץ קריגט אויסדרוק דורך די היסטאָרישע פיגורן אבעלארד און העלואיז, ווי זיי ווערן פּאָעטיש געשטאַלטעט פון ה. לייוויק. די דאָזיקע דראַמאַטישע פּאָעמע איז א מין סינטעז פון דעם, וואָס דער דיכטער האָט ביז דער דערשיינונג פון „אבעלארד און העלואיז", ארויסגעזונגען אין די פאַרשיידענע לידער, וואָס מיר האָבן ביז איצט אויפגענומען. גאָר א סך שטעלן אין דער פּאָעמע „אבעלארד און העלואיז" ווארפן ליכט און העלפן דערקלערן אייניקע לידער, וואָס זיינען דערשינען פריער, איידער דער דיכטער האָט נאָך פאַרטראַכט אפילו די דאָזיקע פּאָעמע. און צוריק ווידער, קאָנען גאָר א סך לידער, אין די פאַרשיידענע ביכער פון דעם דיכטער, דערקלערן א סך שטעלן אין דער פּאָעמע „אבעלארד און העלואיז".

***

הייליק איז געוואָרן צו אבעלארדן העלואיז. א קוואַל פון ליכטיקייט איז זי, און איר נאָמען, געוואָרן פאַר אים. ווען נאָר העלואיזעס נאָמען ווערט דערמאָנט אין זיין אָנוועזנהייט, פאַר־פעלט נישט אבעלארד צו־צוגעבן דעם אדיעקטיוו ליכטיקער, —

„איר ליכטיקער נאָמען איז העלאָויז”. וואָס העלאָויז באַטייט פאַר אבעלאַרדן, איז צו זען שוין פון די ווערטער פון צווייטן מאָנאָך אין אָנהויב פון דער ערשטער סצענע:

און הערט וואָס איך זאָג אייך: אפילו זיין תשובה טאָן,
אפילו זיין שלאָגן אין האַרץ זיך, זיין פאַסטן,
זיין הייסע און זודיקע תפלה צו גאָט,
זיין שטיין אויף די קני פאַר דער הייליקער מוטער,
איז ניט צום באַשעפער געווענדט, און ניט צו דער מוטער —
דאָס קניט ער פאַר איר — ווי הייסט זי דאָרט —

און הייסן הייסט זי, ווי מיר ווייסן, העלאָויז. און, — דאָס אַרויסריידן איר נאָמען טוט אויף פאַר אבעלאַרדן דאָס זעלביקע, וואָס דער נאָמען פון פּרויען געשטאַלט טוט אויף פאַר דעם דיכטער. דער נאָמען העלאָויז טוט אויף וואונדער פאַר אבעלאַרדן. און עס איז דער אויפטו פון וואונדער פאַר דער נשמה און פאַר דעם גייסט פון ליבהאַבער, ווען די, וועמען ער האָט ליב, ווערט דערפילט ווי א הייליקע. מחמת אַלץ וואָס איז הייליק, איז פול מיט וואונדער; און וואו עס איז נאָר וואונדער, דאָרט איז הייליקייט.

און עס איז דאָס געפיל פון ליבער הייליקייט, וואָס גיט אים מוט ניט צו שרעקן זיך פאַר דעם אויסוואורף פון מענטשלאַכער געשטאַלט, וואָס טראָגט דעם נאָמען: פּאַטער גרעגאָרי. געפיל פון הייליקייט ברענגט צו ריינקייט פון געוויסן; צום געפיל פון גערעכטיקייט; און דערפאַר, ווען גרעגאָרי זאָגט צו אבעלאַרדן: „דו רעדסט נאָך אַלץ מיט העזה קעגן מיר” — ענטפערט אבע־לאַרד: „ווייל איך בין דער גערעכטער”.

די שטאַרקע געפילן פון הייליקייט און גערעכטיקייט, וואָס די ליבע צו העלאָויזן האָט דערוועקט אין אבעלאַרדן, — זיי האָבן אים געגעבן כח און מוט אַריבערצוטראָגן אַזעלכעליידן, וואָס קיין אויסדרוק איז נישט שטאַרק גענוג אויף צו געבן א פאַר־שטעלונג וועגן זייער שרעקלאַכקייט. דאָ גילט שפּינאָזאָ'ס כלל, אַז יעדע דעטערמענאַציע איז א נעגאַציע.

גרעגאָרי זאָגט צו אבעלאַרדן:

— אַלע זאָגן דאָך אויף דיר,
אַז קיין זאַך שרעקט דיך נים, אַז אַלע פּיינען
מיט איינגעהאַלטענער עקשנות נעמסטו אויף,
און דאָס איז טאַקע אמת. — איך זע אַליין —
שוין פופצן יאָר פון מאָנאַסטיר צו מאָנאַסטיר —
מען שלעפּט דיך אום ווי אַ געפאַנגענעם — —

— — — — — — — — — — — — — —

מ'האַלט דיך כמעט שטענדיק אין באַשטראָפן,
און קיין זאַך קען נים צווינגען דיך דו זאָלסט
זיך אָפּזאָגן פון דיינע שעדלאַכע מחשבות וועגן גאָט,
און אויך פון דיין פאַרדרייטער בענקעניש נאָך העלואיז

— — — — — — — — — — — — — —

דו — איך זע — טראָגסט אַלץ אַריבער, —
צי פייער, וואָס פאַרברענט אויף אַש דיין ווערק,
צי שפּאָט פון פאָלק, פון אייגענע חברים,
צי שניטן פון אַ מעסער אויף דיין לייב. —

און דער אָנפירער פון די, וואָס האָבן זיין לייב מיט מעסערס געשניטן, איז נישט געווען קיין אַנדערער ווי דער פּאָטער גריגאָרי אַליין. אָט דעם דאָזיקן פאַקט געפינט איצט אבעלארד אויס, צום ערשטן מאָל, פון די ברוטאַלע, מיט סאַדיסטישע געפילן דורכ־גענומענע ווערטער, וואָס דערטראָגן זיך צו אים פון די ליפּן פון זיין פּייניקער, פּאָטער גריגאָרי:

דו ווייסט — און ווייסט נים אַלץ,
די יונגען האָבן דיך געבונדן הענט און פיס,
און איינער, זייער אָנפירער, — האָט מיט זיין מעסער
דיין לייב געשענדט, דיך פאַרבלוטיקט,
און דיך אויף אייביק אָפּגעשיידט פון העלואיז —
און איצטער אויב דו ווילסט, שטעל אָן די אויגן,
שטעל אָן די אויגן און דערקען דעם אָנפירער.

און איינער פון די מאָטיוון צו ווערן דער אָנפירער פון די רוצחים, איז געווען זיין אייגענע ליבע צו העלואיזן און אייפער־זוכט צו אבעלאַרדן.

פון די ווייטערדיקע ווערטער צו אבעלאַרדן, אין וועלכע ער גיט איבער דעם אינהאַלט פון העלואיזעס בריוו, וואָס ער האָט געפונען אין אבעלאַרד׳ס צעל, דערזעען און דערפילן מיר די אויסערגעוויינלאַכע ליבע, וואָס העלואיז האָט געטראָגן אין איר נשמה און אין איר גאַנצן וועזן צו אבעלאַרדן.

טאָ בענטש די האַנט, וואָס האָט דורך פייניקן
די זכיה פון א גרויסער ליבשאַפט דיר געגעבן.
אָט זע איך דאָך דאָס שרייבן, וואָס זי שרייבט צו דיר;
אַזויפיל איינגעהאַלטענער געשריי, אַזויפיל יאָמער,
אַזאַ פאַרביסענער גערולד, אַזאַ געטריישאַפט,
אַזאַ אחריות צו דיין גורל;
און יעדער וואָרט איז בלוט; — —

און וואָס מער פאָטער גריגאָרי רעדט צו אבעלאַרדן, אַלץ מער דערפילט אבעלאַרד דעם שרעק און דעם אומזין, וואָס אַזאַ רוצח׳דיקער מענטש זאָל זיין דער פאַרטרעטער פון דעם, וואָס גייט אונטער דעם נאָמען רעליגיע, און אַז ער, דער דאָזיקער גריגאָרי, זאָל גערופן ווערן פאָטער, און האָבן די מעגלאַכקייט און די געלעגנהייט אפיציעל צו רעדן צו מענטשן אין נאָמען פון גאָט; אין נאָמען פון רעליגיאָזיטעט, וואָס איז און דאַרף זיין דער טיפסטער און שענסטער, נאָבעלסטער און דערהויבנסטער אויסדרוק פון מענטשנס גייסט. דער דאָזיקער געפיל, וואָס נעמט דורך זיין גאַנצן וועזן, פאַרשטאַרקט אין אבעלאַרדן דעם גרויסן זין, דעם טיפן ווערט פון זיין קאַמף דורך וואָרט און שריפט, אין לויף פון זיין גאַנצן לעבן; זיין קאַמף, ניט ווי זיינע מיט־מענטשן האָבן געדענקט, מיט גאָט, נאָר זיין קאַמף מיט דעם שרעקלאַך פאַלשן און מורא׳דיק שעדלאַכן באַגריף וועגן גאָט און זיין שייכות צו מענטש און וועלט.

אבעלאַרד שרייט אויס:

מיין פייניקער — מיין שענדער איז א פּאַטער איצט א הייליקער,
א מדריך און לייטערער פון מיין נשמה,
ער זאָגט, אז די השגחה האָט געוואָלט אזוי.
א, ענטפער מיר השגחה, פאַרוואָס לאָזטו יעדן לומפּ
צו ליידן אין דיין נאָמען?

און איצט, ווי א סך מאָל שוין פריער, דערגרייכן די פיזישע און גייסטיקע ליידן פון אבעלארדן צו א פּונקט, וואָס ער וואָלט געוואָלט זיך אליין אומברייינגען, כדי צו מאַכן א סוף צו די אומ־דערטרעגלאַכע און איבערמענטשלאַכע ליידן. אבער אויך איצט, ווי אלעמאָל פריער אין אזא מאָמענט, דערמאָנט ער זיך אָן העלואיזן. ער דערפילט אזוי ווי זי וואָלט אט דא געווען, נעבן אים און מיט אים. און דער פאַקט, וואָס זי איז אלעמאָל פריער געקומען, און וועט, ווי ער גלויבט, אלעמאָל שפּעטער קומען אויף זיין רוף, גיט אים מוט און שטאַרקייט צו לעבן. ער וויל און מוז לעבן נאָר דערפאַר, ווייל העלואיז לעבט און וויל, ווי ער שטעלט זיך דאָס פאָר און פילט, אז אבעלארד זאל לעבן.

מידערהייט רעדט ער צו זיך אליין:

אבעלארד, קום נישט אום, שטיי אויף,
שטיי אויף, ווייל העלואיז איז דאָ מיט דיר,
דו האלסט איר האַרץ אין דיינע פינגער,
ווייל העלואיז קומט אייביק, אייביק אויף דיין רוף.

און דאָס מאָל איז חלום געוואָרן וואָר; דאָס אוממעגלאַכע איז מעגלאַך געוואָרן; דאָס אומרעאלע איז געווארן ממשות׳דיק און רעאל: העלואיז איז געקומען צו אים אין בלוט און פלייש; העלואיז האָט מיט אירע אויגן געזען און מיט אירע אויערן גע־הערט, וואָס עס איז געטאָן געוואָרן און וואָס עס איז גערעדט געוואָרן צו אבעלארדן; און נאָך מער, זי האָט געזען מיט אירע אויגן און דערהערט מיט אירע אויערן, וואָס אבעלארד האָט געטאָן, וואָס אבעלארד האָט גערעדט צו אַנדערע און צו זיך אליין. זי איז פאָר א געוויסער צייט געווען א רואה ואינו נראה: זי האָט געזעהן און געהערט, פאַרשטאַנען און געפילט; זי איז גע־

קומען פארשטעלט פאר א שטומען און טויבן מאָנאַך; זי איז אנטלאָפן פון מאָנאַסטיר, און איז, נאָך א רייע פון שרעקלאַכע פלאָגענישן און מאַטערנישן, געקומען צום מאָנאַסטיר, אין וועלכן אבעלארד איז געהאלטן געוואָרן א געפאנגענער, אונטער דער אויפזיכט פון דעם פּאָטער גריגאָרי.

גענזען העלואיזן האָבן אלע, אָבער דער ערשטער, וואָס האָט זי דערהערט, איז געווען אבעלארד. אָננעמענדיק זי פאר א שטומען און טויבן מאָנאַך, האָט מען זי איבערגעלאָזט פון צייט צו צייט פאר אייניקע שעה'ן אכטונג צו געבן אויף אבעלארדן, וועלכער איז קראַנק געוואָרן פון די שרעקלאַכע מאַטערנישן, צו וועלכע דער פּאָטער גריגאָרי, דארשטנדיק נאָך נקמה, האָט אים אונטערוואָרפן.

און אָט פּלוצלונג שטעלט זיך דער שטומער אוועק צו קאָפּנס פון אבעלארדן, קוקט לאַנג אויף זיין געזיכט, נויגט זיך פּאַמעלאַך און נעמט פּליסטערן: אבעלארד, ליבער מיינער, טייערער.

אבעלארד, נישט עפענענדיק די אויגן, רעדט: ווער איז דאָ? וועמעס שטימע הער איך? און דער פאָלגנדיקער גע־שפּרעך גייט אָן צווישן דעם „שטומען מאָנאַך" און אבעלארדן:

שטומער: שטיי אויף, אבעלארד, עפן דיינע אויגן.

אבעלארד: א זיסער קול אזא נעמט דורך מיין הארץ. —

שטומער: אבעלארד, אייגענער דו מיינער,
מיין מענטש דו, אויפגעגאַנגענער אין פּיין.
כ'בין דאָ. איך בין געקומען.

אבעלארד: אָ חלום מיין, ניט רייס זיך איבער.

שטומער: ס'איז ניט קיין חלום,
הייב אויף די ברעמען דיינע, און דערזע מיך,—
מיין פּנים איז פארשטעלט מיט באָרד
און וואָנצעס,
מיין קול — מיט גליווערדיקער שטומקייט,
מיין גוף מיט מענערישן קיטל
דורך לאַנגן וואָגל, דורך אָן א שיעור געפאַרן

א דורכגעריסן האָב איך זיך צו דיר אהער. —
שטיי אויף, אבעלאַרד.

אבעלאַרד: (עפנט די אויגן)
העלואיז! —

## ב

פון דעם מאָמענט אָן, ווען העלואיז האָט זיך געלאָזט דערקענען צו אבעלאַרדן, ביז צו דעם מאָמענט, ווען זי האָט פאַרלאָזט דעם מאָנאַסטיר, ווערן די נשמות פוןביידע איבערפילט מיט געפילן, וואָס דערגרייכן אַזאַ אינטענסיוויטעט פון הייליקייט, אַז ווען נאָר זיי בלייבן אַליין, שטעלן זיי זיך אַוועק אויף די קני און טוען תפלה איינער צו דעם אַנדערן, און איינער פאַר דעם אַנדערן — פונקט אַזוי ווי דער פרומסטער מענטש טוט תפלה צו זיין גאָט.

אבעלאַרד: איך זע, איך זע.
דו שטייסט שוין ווידער אויסגעצויגן באַ
דער וואַנט:
אַ שטומער וואַנדערער, וואָס גייט נאָר דורך.
און איך וועל תפלה טאָן צום שטומען
וואַנדערער.
איך קען דיך ניט אַרומנעמען,
און אויך ניט זען
דיר אין געזיכט;
זאָל זיין דאָס וואָרט — מיין האַנט,
זאָל זיין דאָס וואָרט — מיין אויג,
באַשעפער, לעבדיקער גאָט, איך רוף צו העלואיז,
במילא איז דאָס אויך צו דיר, באַשעפער.
איך זאָג די אַלטע, אַלטע תפלה
פון גאַר דער טיפעניש איך רוף צו דיר,
מיין גאָט,
מיין שטומער וואַנדערער, וואָס שטייט
ביים וואַנט.

די דאַזיקע ווערטער פון אבעלאַרדן צו העלואיזן זיינען אין זייער אינהאַלט און אין דער קוואַליטעט פון די געפילן, וואָס קומט צום אויסדרוק דורך זיי, ענלאַך צו די ווערטער אין די לידער פון דעם דיכטער, ה. לייוויק, וואָס מיר האָבן פריער געבראַכט. ענלאַך זיינען זיי איבערהויפּט צו די ווערטער אין די לידער, אין וועלכע דער, צו וועמען דער דיכטער טוט רופן פון גאָר דער טיפעניש זיינער, קאָן אָנגענומען ווערן פאַר א פרויען געשטאַלט, אַזוי גוט ווי א גאָט געשטאַלט. דורך די דאַזיקע ווערטער, דאַריבער, ווי דורך אַלע ווייטערדיקע ווערטער פון אבעלאַרדן צו העלואיזן, איינגעשלאָסן זיינע לעצטע ווערטער צו איר: „געבענטשט זיי, שוועסטער מיינע" — דורך אַלע אבעלאַרד'ס ווערטער צו העלואיזן לאָזט דער דיכטער זיך גופא דערקענען. וואָס מער מיר דערקענען דעם דיכטער, אַלץ טיפער און גרינטלאַכער דערקענען מיר אבעלאַרדן און העלואיזן; און ניט נאָר זיי — נאָר יעדן איינעם, אין וועמעס נשמה די ליבע האָט באַוויזן אַרויסצורופן אַזעלכע כחות, וואָס קענען פאַרוואַנדלען לייד אין פרייד, טרויער אין טרייסט, אין מוט און אין האָפנונג, און אומגליק אין גליקזעליקייט; כחות, וואָס דערלויבן דעם מענטשן צו שטעלן זיך קעגן אַלץ, וואָס איז געמיין און שלעכט אין דער וועלט; כחות, וואָס זאָפן אָן דעם מענטשן מיט א גלויבן, אַז אַי וועלט אַי מענטש וועלן סוף כל סוף איבערגעאַנדערשט ווערן; כחות, וואָס גיבן א געפיל פון זיכערקייט, אַז יעדן מענטשנס ווידערשטאַנד צו שלעכטס און געמיינהייט ווערט א פאַקטאָר אין דער איבעראַנדערשונג פון דער וועלט, אַז ער פאַרשנעלערט דעם טעמפּאָ פון די איבעראַנדערשונגס פּראָצעסן. און אַז ער פאַרטיפט און פאַרשענערט, גיט צו הויכקייט און שוואונג צו די ענדציל, צוליב וועלכע די איבעראַנדערשונגען דאַרפן און וועלן פאָרקומען.

העלואיז זאָגט צו אבעלאַרדן:

א פאַרשטילטע לעב איך,
א פאַרשעמטע אין מיין שטילקייט און צוריקגעצויגנקייט,
אָן איינגעגלויבטע אין דעם קומענדיקן טאָג
פון דיין נצחון, און איך טראָג אין זיך
די שטראַלן פון דעם קומענדיקן טאָג . . .

איר גלויבן אין מענש, איר פיינפולע ליבע און גלויבן אין אבעלארדן, וועמען זי זעט איצט פאר אזא קורצער ווײלע (אזוי ווי זי האָט אים געזען צוויי מאָל בלויז פריער פאר די גאַנצע פופצן יאָר), רופט ארויס אין איר — אין דער טיף־גלוי־ביקער העלואיז — די ווערטער:

דאָס תפלה טאָן פון מענטש צו מענטש איז מער ווי פון
מענטש צו גאָט,
ווייל מענטש צו מענטש מיינט— צוויי, וואָס בלוטיקן,
און מענטש צו גאָט מיינט איינער נאָר, וואָס בלוטיקט;
דעם טרויער פון גאָט'ס זון האָב איך געזען,
נאָר ניט געזען האָב איך, אז בלוט זאָל רינען
פון דעם לייב פון גאָט אליין —
איך וויל נישט תפלה טאָן, באַשעפער, איצט צו דיר —
כ'וויל תפלה טאָן צו מיין מאָן אבעלארד. —

זי וויל תפלה טאָן צו דעם, וועלכער, זייענדיק ווייט אוועק פון איר אין גוף, איז געווען פאר פופצן יאָר נאָהענט צו איר אין גייסט; א נאָהענטקייט, וואָס האָט גערייניקט און געלייטערט יעדן ריר אירן און יעדן אָטעמצוג; א נאָהענטקייט, וואָס האָט געלאָזט איר אייגענעם גייסט דערפילן זיך אומגעהויער שטאַרק און מעכטיק. די דאָזיקע נאָהענטקייט האָט איר געגעבן דעם כח „אין די וויסטע, קאַלטע ווענט פון מאָנאַסטירן צו היטן דאָס פייער פון גלויבן אין זיין און אין איר אויסדערוויילטקייט —" אין דער אויסדערוויילטקייט דורכצולעבן די טיפסטע גליקזעליקייט, וואָס ליבע פון מענש צו מענש קאָן איינעם געבן. די דאָזיקע נאָהענטקייט האָט איר געגעבן געגנוג גבורה צו קאָנען „פאַרמאָגערן די פולקייט פון איר ברוסט, כדי קיינער זאָל זי נישט באַגערן, כדי קיינער זאָל זי נישט וועלן באַרירן.

כ'האָב — אזוי דערציילט זי ווייטער:

— אָפּגעשניטן מיינע האָר, און מיטן זעלבן מעסער,
רואיק און געדולדיק,
געשניטן מיינע יאָרן, ווי מען שניידט אָפּ זאַנגען.

די זאנגען בינדט מען אויף אין גארבן,
אזוי האָב איך צונויפגעבונדן מיינע יאָרן
אין פולע גארבן, און געבראכט זיי איצט צו דיר
אויף מיינע אקסלען אָנגעלאָדענערהייד,
דו זאָלסט זיי אויסשפרייטן אויף דיין געלעגער,
און ווייכער מאכן דיין געמיינע בעט.
אָ, נעם, אבעלארד, לייג זיי אויס די גארבן,
און איך וועל שטיין אין ווינקל און וועל קוקן, —
א שטומער וואנדערער, וואָס שטייט ביים זייט.

און צו דעם דאָזיקן שטומען וואנדערער, וואָס האָט זיך אוועקגעשטעלט ביים זייט, ווילט זיך אבעלארדן, מער ווי צו וועמען ניט איז אין דער גאנצער וועלט, זיך לאָזן צו דערקענען ביז די טיפסטע תהום׳ען פון זיין גאנצן וועזן. אים ווילט זיך דערציילן דעם שטומען וואנדערער וועגן זיינע איבערלעבונגען, קאמפן און געראנגלען, ניט נאָר מיט דער וועלט, נאָר אויך מיט זיך אליין — „די שטרייטן, וואָס ער פירט מיט זיך אליין און מיט זיין גורל״.

און פון די אלע שטרייטן, וואָס ער רעכנט אויס, איז דער מערקווירדיקסטער, — דער שטרייט זיינער מיט זיין אייגענעם גוף. דער דאזיקער שטרייט דערמאָנט זייער שטארק אין חנינה׳ס שטרייט, און אין די שטרייטן מיטן גוף, וואָס קומען צום אויס־דרוק, ווי מיר האָבן שוין פריער געזען, אין א היבשער צאָל פון ה. לייוויק׳ס לידער. און דאָס מוז ווידער דינען אלס באווייז, אז דער דיכטער האָט אין „אבעלארד און העלואיז״, זיך דערלויבט, נאָך מער ווי דורך זיינע איינצעלנע לידער, צו אנטפלעקן זיין פערזענ־לאכקייט, זיין אייגענעם טיפסטן וועזן. אין די היסטאָרישע פער־זענלאכקייטן פון אבעלארד און העלואיז, ווי ער האָט זיי פאר אונז געשטאַלטעט, געפינען מיר די פארקערפערונג און פערזאָני־פיצירונג פון דעם דיכטער גופא.

אבעלארד: פון קליינווייז אָן, אז ס'לעבט אין מיר א סתירה
צווישן גייסט מיינעם און קערפּער מיינעם.

— — — — — — — — — — — — —

פון קליינווייז אָן האָב איך, פאַרקערט, געפילט
א שטאַרקע זיכערקייט אין גייסט אין מיינעם,
און גאָר שוין קיין זיכערקייט אין גוף.

מיין גייסט איז קלאָר געווען פאר מיר און ליכטיק,
און כ'האָב געוואוסט אויף וואָס איך דאַרף אים.
ער האָט געפירט מיך צו דער אָפּענער וועלט,
צו מענטש — נאַטור — און גאָט דערקענטניש.

— — — — — — — — — — — — —

און כ'האָב געהאָדעוועט אין זיך א ווילן,
פון טרערן און פון פּיין די וועלט באַפרייען,
און גוף און גייסט זאָל ווערן איינס —
באַזינטער איינס. — נאָר ניט באַשערט
איז מיר געווען
דעם חלום מיינעם צו פאַרווירקלאָכן, —
אין עפּעס אזא טונקעלער פאַרלעגנהייט
אריינגעבראַכט האָט מיך מיין אייגענער קערפּער,
די הענט מיינע, די פּיס, דער שטח,
וואָס גוף פאַרנעמט אין רוים.
כ'האָב טיף געאַנט פון קינדווייז אָן,
אז כ'וויים ניט מיט מיין קערפּער וואָס צו טאָן,
און ניט געהאָט קיין זיכערקייט קיין פולע, אז
איך דאַרף אים.
איך האָב דערשפּירט א שרעק אין אייגענעם קול,
א לעכערלאַכקייט אין די הענט, אנ'איבעריקייט,
כ'האָב פּשוט ניט געוואוסט וואו זיי אהינצוטאָן,
כאָטש נעם און האַק זיי אָפּ אין
אומגעלומפּערטקייט;
און מער פון אַלץ האָט מיר געדוכט זיך,

איז לעכערלאַך מיין פּנים, מויל און אויגן, —
און גראד בין איך געווען געזונט און אויך
נים מיאוס,
און לויט די רייד פון אַנדערע — אפילו שיין.—

עס איז נאַטירלאַך, אז לייוויק דער דיכטער, וואָס האָט אונז געגעבן לידער ווי „אַסקעט" און „ווי־פּור־וויל", פון וועלכע עסריידן ארויס אזוי שטאַרק די מאַנונגען פון קערפּער און דער פּראָטעסט פון גייסט קעגן די דאָזיקע מאַנונגען; לייוויק, וואָס האָט אין דעם ליד „וואָלקנס אהינטערן וואַלד" אידענטיפיצירט לייב, מיט זינד און פאַרפּייניקונג, וואָס האָט אויסגעדריקט דעם פאַרלאַנג צו וועלן דערלאַנגען דעם גוף מיט א טעמפּער האַק, ווייל גוף איז אליין האַק, פאַראַכטונג און לעסטערונג; לייוויק, וואָס האָט געקאָנט פון דעם גוף פון שטיין אויפנעמען דאָס קול, וואָס האָט זיך דערטראָגן צו חנינהן, דעם העכסטן רעפּרעזענטאַנט פון גייסט — זאָל זיך אויסמאָלן אבעלארדן, (פאַר וועמען די ליבע צו העלויאיז איז געוואָרן איינע פון זיינע הייליקסטע געפילן און איינע פון די שטאַרקסטע ווירקנדיקע גייסטיקע כחות אין אים) ווי איינעם, וואָס זאָל שרעקלאַך ליידן פון דער סתירה צווישן גייסט און גוף אין זיך.

און ווען מיר הערן, ווי צווישן אלעם אנדערן, וואָס אבעלארד דערציילט העלויאיזן, דערציילט ער וועגן די געפילן און שפּירונגען צו זיינע אייגענע הענט; און ווען מיר דערהערן ווי ער האָט נישט געוואוסט וואו זיינע הענט אהינצוטאָן, און אז ער האָט דערפילט אמאל ווי צו נעמען זיי, די אומגעלומפּערטע הענט, און זיי אפּהאַקן, דערמאָנען מיר זיך אין לייוויק׳ס ליד „הענט".

אָפן און קלאָר האָט דער דיכטער — אזוי לאָזט ער אונז וויסן אין דעם דאָזיקן ליד — דערקענט דעם גורל פון א מענטשן אין צוויי שוואַכע הענט.

די הענט, וואָס בויען דיר דיין חופּה בעט,
די זעלבע הענט העבלעווען דיין טהרה־ברעט

די זעלבע הענט, וואָס ברענגען פרייהייט, גליק,
פאַרציען ארום דיין האלז די תליה־שטריק.

איך האָב געזען צוויי קינדערישע הענט,
וואָס האָבן לייבער אין די צענדליקע געשענדט.

און אָט צוויי גרויסע האָריקע הענט,
וואָס האָבן אָנגעצונדן זיך אליין און זיך פאַרבּרענט.

און נאָכדעם ווי ער רעכנט אויס נאָך אַנדערע אַנטקעגנגע־זעצטע זאַכן און טואונגען, וואָס ווערן געבּראַכט אויף דער וועלט פון די צוויי מענטשלאַכע הענט, ענדיקט ער דאָס ליד מיט די צוויי שורות:

און נאָך, און נאָך — דער חשבון האָט קיין ענד, —
און אָט פאַר׳משפּט איך מיינע אייגענע צוויי הענט.

דאָס דאַזיקע ליד „הענט”, גיט אונז נאָך אַמאָל די זיכערקייט, אַז דער דיכטער האָט פּשוט געוואָלט זיך אַליין ברייגגען צום אויס־דרוק דורך אבעלאַרדן, דורך דער היסטאָרישער פּערזענלאַכקייט, וואָס האָט אים אַזוי שטאַרק פאַרכאַפּט, ווייל ער האָט זיך אַליין אויף דעם העכסטן גראַד אין אים דערקענט.

**
*

אין אַ סך פון לייוויק׳ס לידער (סיי אין די, וואָס מיר האָבן געבּראַכט, סיי אין אַ סך אַנדערע, וואָס מיר האָבן ניט געבּראַכט) קומט דער צער פון גוף, דער אויסגעשריי פון גלידער, דער גע־ראַנגל צווישן גייסט און גוף, צו אַזאַ אינטענסיוויטעט, אַז פּסי־כאָלאָגן, און הויפּטזעכלעך אַנהענגער פון פרויד׳ס לערע, צו וועלכע איך געהער ניט, וואָלטן עס אָנגערופן קאָמפּלעקס. די זעלביקע פּסיכאָלאָגן און הויפּטזעכלאַך פרוידיאַנער, וואָלטן אויסגע־טייטשט, אַז דער דאַזיקער קאָמפּלעקס איז אַריינגעוועבט געוואָרן אין אבעלאַרד׳ס גוף־געראַנגל.

ווי סמנים פון דעם אַריינגעוועבטן קאָמפּלעקס, וואָלטן, ווי איך גלויב, באַטראַכט געוואָרן ערשטנס, אבעלאַרד׳ס דערציילן

ווי אזוי, זיצנדיק אמאָל מיט טאַטע מאַמען ביים טיש, איז ער באַהערשט געוואָרן פון דעם געפיל, אַז אַט נעמט ער און גיט זיך אַ רייס פון גוף אַרויס; שיידט זיך אָפּ פון אים, און טראָגט זיך אַוועק ערגעץ ווייט אין הויך און קומט שוין נישט מער צוריק, בעת דער גוף בלייבט ווי פריער, סטאַרטשען ביים טיש; צווייטנס, ווי אַזוי, זיצנדיק אַמאָל ביים עסן, און טראָגנדיק דאָס עסן צום מויל, און זייענדיק גרייט דאָס אָראָפּצושלינגען, דערפילט ער מיט אַמאָל אַזאַ שאַרפן טרויער, אַ חרפּה און באַליידיקונג אין עסן.

אַזאַ געיאָמער אין דעם קלאַנג פון שלינגען,
אַ נידעריקייט אין דער גלוסטונג פון די אברים,
אין זייער זשעדנעקייט און חיה'שדיקער צאַפּלעניש; —
און גלייך נאָכדעם, אַזוי ווי אויף צו להכעיס,
אַזוי ווי אַ נקמה איבער זיך אַליין,
דערפילט האָב איך אַנ'אָנפאַל איבער זיך
פון מאָדנע, נאָגנדיקע, בלינדע תאוות,
אַזוינע ציהנדיקע הונגערס — טויזנט הונגערס; —
אַ יעדער גליד אין מיר האָט אויפגעעפנט זיבן מיילער
אין צעהוליעטן, צעווילדעוועטן אויסברוך;
אַ שטורם האָט אַרומגעכאַפּט מיין גאַנצן קערפּער,
און אָרגיע פון נעגל, שנאָבלען, פליגלען, —
און ס'האָבן זיך פאַרביי די אויגן מיינע
גענומען טראָגן מחנות גאַנצע לייבער —
די לייבער און די פּנימער פון אַלע פרויען,
פון אַלע, אַלע פרויען, וואָס איך האָב געזען ווען,
די לייבער אָפענע, די לייבער נאַקעטע, — און אַלע נעגל
און אַלע שנאָבלען, פליגלען האָבן זיך געריסן,
אַריינצוזינקען אין דער טיפעניש פון לייבער, —
אַ טונקלקייט האָט מיך אַרומגעכאַפּט — אַ פינסטערניש,
און ס'איז מיר קלאָר געוואָרן דאַמאָלסט, אַז איך ווער
פאַרמשפּט אויף אַ ביטערן געראַנגל
מיט אַט דער פינסטערניש פון בלינדע הונגערס,
מיט אַט דעם גוף מיינעם — — —

און דאָס, וואָס אַבעלאַרד דערציילט וועגן דעם, וואָס האָט פּאַסירט צווישן אים און דעם „צימער, וואו עס שלאָפן טאַטע מאַמע", איז שוין נישט נאָר א סימן אָדער אויסדרוק פון א קאָמ־פּלעקס, נאָר על פּי דער שטה פון פרויד'ן, קאָן שוין אזא געשעניש באטראכט ווערן ווי אזעלכע, וואָס קאָן אין א קינד, אָדער יונגן מענטשן, גורם זיין א קאָמפּלעקס אויף זיין גאנצן לעבן.

— — — — — — — — — — — — — — —. מיט אַמאָל
עס גיט א שלאָג מיר עפּעס לייביקס פאר די אויגן,
און עפּעס אזא שאָרך דערהער איך דורך דער אָפענער טיר
פון צימער, וואו עס שלאָפן טאַטע־מאַמע, —
אזא געוויין — געפּליסטער, אזא כליפּ
דערטראָגט זיך פונם צימער צו מיין אויער,
צי אפשר גאָר א קוש, — און גלייך נאָכדעם
אנ'אויפריים פון אנ'אָמתן געיאָמער, —
מיין מאַמעס אייביקער געיאָמער. — נאַקעט — לייביק — — —
און טאַטע, הער איך, וואָרנט: ש—ש—ש...
איך גראָב אריין מיין פּנים אין געלעגער,
איך הייב זיך ווידער אויף, און זע:
עס זיצן טאַטע־מאַמע, יעדער אויף זיין בעט, —
צוויי איינגעגליווערטע, צוויי שווייגנדיקע גופן,
און צוויי פּאָר פיס — אזוינע לאַנגע, דאַרע,
אזוינע נאַקעטע, אזוינע האָריקע, —
זיי הייגנען זיך ארונטער, און זיי באַמבלען זיך
פארוואָרלאָזטע און וויינענדיקע אין לבנה ליכט.
— נעמט צו דאָס לייב פון מיינע אויגן! —
האָב איך ארויסגעשריען, און צום טיר א שפּרונג געטאָן,
ארויסגלאָפן, און צוריק שוין ניט געקומען מער — — —
איך בין געלאָפן אין דער נאַכט אריין,
און מער און מער געפילט דעם צער פון גוף,
דעם בראָך פון מיינע אייגענע פארשעמטע גלידער, —
און אָט דעם בראָך האָב איך דערנאָך געטראָגן
אין טאָג אריין, אין גרויסער וועלט אריין, —

איך האָב געלערנט, געשטודירט, געגרייט זיך
צו זיין א פריידיקער, א פירער, און אהינטער מיר
א עטוואָס — אויסגעקרימטער, א ניט גליקלאכער,
אנ׳אָפּגעשפּאָלטענער פון זיך אליין, א זייטיקער,
איז נאָכגעגאנגען טריט ביי טריט מיין גוף.

און דא וועלן מיר פארלאָזן די פּסיכאָלאָגיע בכלל, און די פרוידישע פּסכאָלאָגיע בפרט, מחמת די פּסיכאָלאָגיע נויטיגט זיך, ווי איך גלויב, א סך מער אין דער שיינער ליטעראטור, ווי די לעצטע אין דער פּסיכאָלאָגיע. די דאָסטאָיעווסקיס וועלן אלעמאָל מיינען א סך מער פאר די פרוידס ווי די פרוידס פאר די דאָסטאָיעווסקיס. כדי צו ווייזן ווי ווייט עס גייט די אידענטיטעט צווישן דער אבעלארד פּערזענלאכקייט און לייוויק פּערזענלעכקייט, און כדי זייביידן טיפער צו באנעמען , וועל איך דורכפירן א פּאראלעל צווישן שורות אין לייוויק׳ס לעצטן ליד אין בוך ,,לידער״, און ווייטערדיקע ווערטער פון אבעלארדן, וואָס דורך זיי גיט ער איבער העלואיזן זיינע איבערלעבונגען.

מיר וועלן אריבערטראָגן אהער די אויסערגעוויינלאך שטארקע און העכסט מיסטעריעזע שורות — די לעצטע שורות פון דעם ליד ,,וואָלקנס אהינטערן וואלד״ :

,, — באשעפער, זאָג איך, דו פארגיסט מיך מיט בלוט, —
צי שטארב איך, באשעפער

און, ווידער, אָנשטאָט מיר צו ענטפערן, ציט ער זיך אויס איבער מיר,

פאלט צו מיט זיין פּנים צו מיינעם, אזוי ווי א פרוי,

און נעמט אומפירן מיט די ליפּן מיט זיינע איבער מיין גאנצן גוף.

און איך פיל אזא הייסן ברי, ווי פון א לעקנדיקער צונג;
איבערן לייב מיר

גייט אום די צונג און לעקט אָפּ דאָס בלוט, ווי א חיה — א מוטער,

א געווינערין, לעקט אָפּ דאָס בלוט פון איר נאָר־וואָס געבאָרעם קינד.

איך עפן מיינע אויגן, איך זע: די זון איז שוין לאַנג אוועק,
און דער וואַלד

האָט זיך צוגערוקט נענטער צו מיר, ווי אַ שומר, און שרייט
מיט פליגלדיקע קולות, —

איך באַטראַכט מיין גאַנצן אויסזען, איך קוק אויף מיינע
הענט:

דער ריח פון גאָט׳ס אויפגעריסן לייב הערט זיך פון מיר
און פון דער ערד אַרום,

ריח פון טראַכט, פון געבורט, — אָט דאָ אין דער מיטן
פון וועלט

ביים ברעג פון אַ וואַלד, האָסטו מיך נאָכאַמאָל באַשאַפן,
באַשעפער,

האָסטו מיך אַ צווייטן מאָל, אַ צווייטן מאָל געבוירן,

געבוירן און איבערגעלאָזט ליגן מיט שפורן פון בלוט אויף
מיין פנים; — —

באַשעפער — באַשעפער! — —

דער אינהאַלט און זין פון די דאָזיקע שורות, איז אריינגע־וועבט געוואָרן אין אבעלאַרד׳ס חלום וועגן העלואיזן, וועגן וועלכן ער דערציילט איר איצט, ווען ער לאָזט אַרויסקוואַלן פון זיין נשמה איין איבערלעבונג נאָך דער צווייטער. אין ליכט פון דעם, וואָס אבעלאַרד דערציילט איר, ווי אַזוי זי איז געקומען צו אים אין חלום, ווערט פאַר אונז קלאָר דער גאַנצער זין און באַטייט פון די שורות, מיט וועלכע עס שליסט זיך דאָס בוך „לידער". די איינ־פאַכע, פון סימבאָל און פאַרשטעלטקייט אויסגעשיילטע ווערטער פון אבעלאַרדן, וואַרפן דורכדרינגענדיקע ליכט שטראַלן אויף די טיף און שווער סימבאָלישע שורות פון דעם ליד „וואָלקנס הינ־טערן וואַלד".

אבעלאַרד דערציילט העלואיזן, ווי שלעכט ער האָט זיך גע־פילט אין דער צווייאיקייט, אין דער צעשפּאָלטענקייט פון גוף און גייסט, וועגן די נעכט, אין וועלכע ער האָט גע׳חלום׳ט וועגן א י נ ה י י ט. ער דערציילט איר ווי אַזוי נאָך גאָר אין די

קינדערשע יאָרן, האָט ער געזען אין חלום זיין ג ע ש ט א ל ט פ ו ן ע ל ט ע ר, אָן איינגעטונקענע אין ליכט פון שמחה, אָן אויסגעשטרעקטע אין אָן אויפגעפראַלטן טויער און

איך מאַך אַ טראָט און טרעט אַרויס פון טויער, —
ערשט ס'קומט מיר אָן אַנטקעגן אַ געשטאַלט אַ העלע,
און פאַלט אַרויף אויף מיר און נעמט מיך האַלדזן,
און לייגט אַוועק מיך אויף דער ערד, און ציט מיך אויס,
און ציט אַליין זיך אויס אַריבער מיר
מיט אַזאַ וואַרימען און סאַמעטענעם גוף,
און קוקט אַריין און דרינגט אַריין אין מיר, — — —
(דאָס ביסטו געווען, דו.) — —
און כ'שפּיר, ווי אַלץ וואָס אויף דער ערד און איבער איר,—
די ביימער, גראָזן, טייכן, שטערן,
זיי טוען נאָך און דרינגען אויך אַריין אין מיר,
און איך שטרעק אויס די הענט און נעם עס אַלץ אַרום.
ביז וואַנען איך דערפיל, — מיר ווערן א י י נ ס, —
און דאַמאָלסט לאָז איך אָפּ די הענט, איך צי זיי אויס.
און אויך די פיס אַזוי, — איך צי זיי אויס — — — —
(דאָס ביסטו געווען, העלואיז, דו) — —
און אָט דער חלום קינדישער האָט מיך באַגלייט
אין אַלע צייטן מיינע, און אויך דאַמאָלסט, —
און אויפגעשטאַנען איז אין מיר אַ האָפענונג,
אַז ע ר ג ע ץ וו א ר ט א ו י ף מ י ר אַ מענטש
אַ זעלטענער,
אַ לויטערער, אַ ריינער, און, דערהויפּט, אַ ג א נ צ ע ר,
אַ מענטש — אַ פרוי, וואָס זאָל האָבן כחות
צו זיין פאַר מיר געליבטע, כלה, שוועסטער, מוטער,
און נאָכדעם פאַר מיר ווערן מ ע נ ט ש ־ ה ש ג ח ה,
און אויסדערלייזן מיך פון ביטערן געראַנגל מיט מיין גוף.
מיין טיר האָט זיך געעפנט אין אַ נאַכט איינמאָל,
און ער — דער מענטש, דער לאַנג־געוואַרטער איז געקומען:
דער מענטש, דער לאַנג־געוואַרטער — העלואיז. — — —

— גערייגקסט דיין ערשטן מאָל אריינקומען צו מיר?
גערייגקסט, ווי איך האָב אויסגעשטרעקט די הענט צו דיר,
אַזוינע וואַקלענדיקע, אומזיכערע, בלינדע;
א רגע זיינען זיי געהאַנגען אין דער לופטן, —
פאַרשעמטע בעטלער צוויי, — און דו
האָסט אויפגעכאַפּט די הענט מיינע,
און זיי אַרויפגעוויקלט אויף דיין האַלדז,
און ווי איך האָב נאָר אָנגערירט דיין גוף,
אַזוי איז מיט אַמאָל אויך אויפגעריכט געוואָרן מיינער; —
א ליכטיקייט האָט איבער מיר א שטראָם געטאָן,
און אַלץ אין גוף מייגעם, וואָס האָט ביז איצט געבלאָנדזשעט,
דערפילט האָט זיכערקייט און היימישקייט אין זיך,
און מיינע ליפּן האָבן דאַנקענדיק געפליסטערט: העלואיז— —

עס איז די דאָזיקע ליכטיקייט, וואָס האָט איבער אַבעלאַרדן א שטראָם געטאָן פון העלואיזעס אָנריר, וואָס האָט אים געמאַכט צו דערפילן זיך ווי א ניי־געבוירענעם און זי צו דערפילן ווי זיין באַשעפער. און אָט, דערפאַר, ווי נאָר ער דערקענט זי אין דער געשטאַלט פון דעם כלומרשט שטומען און טויבן מאָנאַך, שרייט ער אויס:

באַשעפער, לעבעדיקער גאָט, איך רוף צו העלואיזן,
במילא איז דאָס אויך צו דיר, באַשעפער,
איך זאָג די אַלטע, אַלטע תּפילה;
פון גאָר דער טיפעניש איך רוף צו דיר, מיין גאָט, —
מיין שטומער וואַנדערער, וואָס שטייט ביים וואַנט.

און ווי מיט דער ליכטיקייט פון העלואיז אין דער דראַמאַטישער פּאָעמע, אַזוי אויך מיט דער ליכטיקייט פון דער פרויען געשטאַלט אין דער פּאָעמע „וואָלקנס אַהינטערן וואַלד": דורך דער ליכטיקייט, וואָס האָט א שטראָם געטאָן פון דעם פיזישן אָדער גייסטיקן אָנריר פון דער פרויען געשטאַלט איבער דעם דיכטער, האָט ער דערפילט, אַז ער איז „אָט דאָ ביים ברעג פון

וואלד נאָך אמאָל באשאפן געוואָרן, א צווייט מאָל געבוירן גע־וואָרן" און דערפאר, ווען ער רופט צו איר: באשעפער — באַ־שעפער, — רופט ער אויך, ווי אבעלארד דריקט זיך אוים, צו א י ם, צום וועלט באשעפער.

ג

העלואיזעס פילן, אז זי איז פאר אבערלארדן א קוואַל פון ליכטיקייט, אזוי ווי ער איז דאָס פאר איר, גיט איר מוט און דער־קענטעניש צו זאָגן:

איך בין ניט מער די העלואיז אמאָליקע, —
ניט מיידל און ניט ווייב.
כ'בין גלייכער שותּף אין יסורים — — —
ניט ווייכער סאמעטענער לייב מער: —
איך ווער שוין אַלט, אבערלארד, הערסט. —
פאר מאנאסטירן - וועגט, און אויך פאר וועגט פון וועלט,
ניט ליכט פון גוף זאָל אויפשיינען,
נאָר בייזער גלאַנץ פון קייטן; הארטע רינגען
און ביינערדיקע פויסטן זאָלן קלאַפּן, קלאַפּן
אין רשעותדיקן שטערן פון דער וועלט. — —
— — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — —

אמאָל אָבער וועט אנשטיין א מינוט, אבעלארד,
און אויסדרויערן אין אונזער הארץ וועט אויפרייסן,
און אָפּהילכן פון איין עק וועלט ביזן צווייטן
וועט אונזער רוף נאָך משפּט. —
זיי שטארק און גלויב אין דעם. —

און אבעלארד ענטפערט:

איך גלויב אין דעם, ווי איך גלויב אין דיר.

אבעלארד גלויבט אין העלואיז, ווייל זי האָט אים געגעבן דעם געפיל פון דער איינהייט פון גוף און גייסט; זי האָט אויסגע־

לייזט פֿאַר אים דעם גוף אין גייסט, און דורך דער ליכטיקייט, וואָס שטראַמט פֿון איר, האָט אַבעלאַרד דערפֿילט דעם גייסט אַזוי רעאַל און אַזוי ממשותדיק, ווי די ליכטיקייט און וואַרעמקייט פֿון דער זון.

פֿרעמדע און ווילדע בעסטיעס, אונטער דער פֿירערשאַפֿט פֿון פּאַטער גריגאָרי, האָבן, ווי מיר ווייסן שוין, געפּייניקט, געשענדעט דעם גוף פֿון אַבעלאַרדן, און ניט אויפֿגעהערט אויך ווייטער זיין גוף צו פּייניקן אין די פֿאַרשיידענע מאַנאַסטירן. וואָס מער אָבער זיי האָבן זיין גוף געפּייניקט, אַלץ שטאַרקער איז געוואָרן זיין גייסט, און אַלץ ליבער און טייערער איז ער געוואָרן העלואיזן. זי האָט אים פֿון טאָג צו טאָג אַלץ מער און מער דערפֿילט ווי אַ הייליקן, אַלץ מער ווי אַן איבער־מענטש, און אַלץ מער האָט די אינטענסיווּיטעט פֿון דעם געפֿיל דערגרייכט די אינטענסיווּיטעט פֿון הייליקייט, וואָס די געטלאַכקייט רופֿט אין אונז אַרויס. דאָס דאַזיקע געפֿיל האָט איר געגעבן מוט און כּח אַליין מיט די אייגענע הענט איר אייגענעם גוף צו פּייניקן. און געפּייניקט האָט זי איר אייגענעם גוף נאָר דערפֿאַר, ווייל זי האָט געוואָלט זיין אַ שותּף מיט אַבעלאַרדן אין אַלע זיינע פּיינען און אַנגסטן. מיט איר אייגענעם ווילן האָט זי איר גוף פֿאַר יאָרן לאַנג געהאַלטן איינ־געקלאַמערט אין אייזערנע קייטן, וואָס האָבן זיך פֿון טאָג צו טאָג אַלץ טיפֿער איינגעשניטן אין איר לייב.

פֿאַרוואָס האָסטו זיי אָנגעטאָן? פֿרעגט אַבעלאַרד העלואיזן, ווען ער האָט צו זיין גרויסער דערשטוינונג דערפֿילט די קייטן, וואָס האָבן זיך ווי שלאַנגען געוויקלט אַרום איר קערפּער. און העלואיז ענטפֿערט:

צו זיין מיט דיר אין פּיין אַ גלייכער שותּף.
די וועלט האָט ווילד און גראָב דיין גוף געפּייניקט, —
דאַרף מיין גוף אויך געפּייניקט זיין. און אויב
דעם תּליון'ס האַנט איז מיר פֿאַרבייגעגאַנגען,
וועסטו פֿאַרגעבן מיר, — כאָטש איך אַליין
קען קיינמאָל זיך דאָס נישט פֿאַרגעבן.
דערפֿאַר האָב איך אַליין אַ קייט, וואָס לענגער,

זיך אויסגעזוכט, און שטייף די רינגען אירע
אַרומגעדרייט אַרום מיין לייב. א חרם
אַרויפגעלייגט אויף זיך, א נדר־חרם. —

און ווען אבעלאַרד פרעגט: דו טראָגסט עס שטענדיק? ענטפערט זי: שטענדיק. און אויף זיין פראַגע: און שלאָפסטו אין דעם? ענטפערט זי:

איך בין שוין צוגעוואוינט, און ס'איז ניט שווער.
און ווען עס ווערט מיר שווער אַמאָל, ס'נעמט דריקן —
דערמאָן איך זיך אָן דיר, און כ'זאָג צו זיך:
ס'איז גוט אַזוי, זאָל דריקן. זאָל דער ווייטיק
נאָך שאַרפער דורכנעמען א יעדן אבר, —
און אָט אָ טוט שוין מער ניט ווי אינגאַנצן,
ווייל אוים: ניטאָ אים מער — מיין גוף. ניטאָ.
אויף יענער זייט ערגעץ פאַרוואָרפן ליגט ער,
א פרעמדער און אן אויסגעטאָענער פון מיר,
אַזוי ווי דיין גוף אין דיין קינדהייט, ווי דו האָסט דערציילט,—
איך האָב מיט פרייד אים אויסגעטאָן פון זיך, —
איך דאַרף אים ניט דעם גוף מיינעם.

דאָס ניט דאַרפן דעם גוף, ווען גייסט פאָדערט עס, ווען דאָס מאַראַלישע געזעץ באַפעלט אַזוי, ווערט סינטעטיזירט און דערפילט ווי אן איבערמענטשלאַכער מהות, ווי אן עפּעס, וואָס איז איבער אַלץ, איבער אַלע באַגרענעצטקייטן. דאָס איז דער עפּעס, וואָס דאַרף, ווי שפּינאָזא האָט געלערנט, פאַרשטאַנען ווערן אונטער דעם אויסדרוק סובסטאַנץ, וואָס פ א ר א י י נ ט די וועלט און אַלץ, וואָס אויף דער וועלט. דאָס איז דער עפּעס, וואָס שפּינאָזא אידענטיפיצירט מיט גאָט. „אונטער גאָט — שרייבט שפּינאָזא— פאַרשטיי איך אן אבסאָלוט אומענדלאַכן וועזן, ד. ה. סובסטאַנץ, וועלכע באַשטייט פון אומענדלאַכע אַטריבוטן, וואָס יעדער איינער פון זיי דריקט אוים אן אייביקע און אומענדלאַכע מהות".
אין א סינטעטיזירטן צושטאַנד פון גוף און גייסט, אן אריינ־

געוועבטער אין סובסטאַנץ, האָט דער דיכטער געמוזט זיך פילן אין די מאָמענטן, א שטייגער, ווען ער האָט געלאָזט זיין „גולם" זיך אַנטפּלעקן צו זיך אליין, צו תנחום'ען און צו דבורהלען. אין די אַנטפּלעקונגס מאמענטן ווערט דער גולם, אויב מען קען זיך אזוי אויסדריקן, סובסטאַנציזירט. אין די דאָזיקע מאמענטן דערפילט זיך דער גולם נישט נאָר, אז ער איז נישט מער גולם, נאָר אויך, אַז ער איז מער פאר יעדן איינציקן מענטשן, וואָס איז ארום אים. ער איז מער, ווייל אין אים האָט זיך דערוועקט א שרעקלאַכע בענקעניש נאָך גייסט, נאָך דעם, וואָס איז מער און העכער פון גוף. און פול מיט וואונדער איז די קראַפט, וואָס ליגט אין דעם געפיל פון בענקעניש. די בענקעניש, וואָס האָט זיך דערוועקט אין גולם נאָך דעם יונגן בעטלער, דעם ריינעם טרעגער פון גייסט, פאַרוואַנדלט דעם גולם אויף א ווײַלע נישט נאָר אין מענש, נאָר אין איבערמענטש.

דער גולם זאָגט צו תנחומען:

דו זעסט נישט ווער איך בין? איך ווער אַן אַנדערער,
און — היט זיך, קוק נים אויף מיין פּנים.
איך בין פאר'משפט דאָ צו ליגן —
איך וויל נים מער.
מיך עקלט פון מיין לייב,
פון מיינע אויגן די פארגלעזערטע
און פון מיין שטום לשון דעם פינצטערן . . .
דורך טעג און נעכט איך וואלגער זיך ארום —
איך רייס מיך פון זיך אליין
אהין — אין דער ווייטקייט אריין . . .

און די דאזיקע בענקעניש נאָך אַן אַנדער מין לעבן, דאָס רייסן זיך אין דער ווייטקייט אריין, דערוועקט אין אים פּלוצלונג דאָס געפיל, אז ער איז דער סוד, נישט מער שוין פון פינצטערניש, נאָר פון ליכטיקייט. און ער זאָגט צו ביידע פרויען—צו דבורהלען און איר מוטער:

— — — איך האָב געמיינט מיך וועט נישט אַרן,
איך וועל די חורבות איבערלאָזן זיין אַליין,
און זאָל דער יאָמער אויסגיין אין דער ליידיקייט פון טורעם.
אַזוי האָב איך געמיינט. נאָר, זעט איר, אין מיין האַרץ
האָט זיך אַ בענקשאַפט אויפגעוועקט נאָך אים,
אַ ליבשאַפט. דורך מיין גאַנצן לייב לויפט דורך אַ ציטער.

די דאָזיקע אויפגעוועקטע בענקשאַפט צום יונגן בעטלער, מיינט אַ בענקשאַפט נאָך גייסט. די דאָזיקע בענקשאַפט, וואָס ווערט אַליין גייסט, האָט ער פּלוצלונג דערפילט אין זיך, און זי קומט צום אויסדרוק אין זיינע ווערטער צו דבורהלען:

איך זע אויף דיין געזיכט אַ מורא אַ באַזונדערע,
דו קוקסט מיר אין די אויגן גלייך, דערמאָנסט זיך יענע רגע,
ווען איך האָב דיך אַ כאַפּ געטאָן צו זיך און צוגעדריקט . . .
איך פיל נאָך איצט די וואַרעמקייט אויף מיינע פינגער,
און דאָ ביים ברוסט נאָך הער איך איצט דיין ציטער . . .
נאָר דאַן בין איך אַנטשטומט געוואָרן — נישט געקאָנט
דעם אָטעם אָפּכאַפּן . . . און איצט איז אַנדערש,
איך וויל אפילו זיך נישט אָנרירן צו דיר. מיר איז גענוג
צו זיצן, ווי איך זיץ אַנטקעגן דיין געזיכט.
און רעדן רייד, וואָס דרייען זיך מיט ליכטיקייט,
מיט ליכטיקייט און בלענדעניש.

אָבער די רייד גופא, וואָס דאַרפן זיין דורכגעדרונגען מיט ליכטיקייט און בלענדעניש, זיינען נישט געקומען צו דבורהלען פון דעם גולם. און קיין שום רייד זיינען נישט געקומען פון דבורהלען צום גולם, ווייל די אַנטפּלעקונג פון גייסט אין גולם האַלט נישט לאַנג אָן. ער דערפילט באַלד, ווי ער אַליין זאָגט, אַז ער וואָלט געקאָנט, ווען ער זאָל נאָר וועלן, אָט איצט גלייך, זי אַ כאַפּ געבן און אַ הויב טאָן צו דער הויך.

אַרונטערשליידערן צו מיינע פיס און ווידער אויפהויבן,
און דרייען דיך אַרום מיין קאָפּ מיט שווינדלענדיקן אימפּעט,
און דרייען אַזוי לאַנג און שנעל, ביז דיינע הענט

ארומגעקלאַמערט וואַלטן זיך ארום מיין האלז, און דיינע ליפּן,
פאַרברענטע און צונויפגעשלאָסענע פון פּיין און ווייטיק,
אריינגעזונקען וואַלטן זיך אין מיינע . . .

דער גוף שטאַרקט זיך סוף כל סוף איבער דעם גולם. און דערפאַר, ווען דער גולם מיט פיר הונדערט יאָר שפּעטער ווערט פאַרוואַנדעלט אין יאָסעלע, זאָגט אים קלאָר זיין זעלבסט דערקענטעניש, אז נישט אים, נאָר משיח בן דוד'ן דאַרף דבורהל ליב האָבן —

יאָסעלע: איך וועל געבן א שפּאַן
(גיט א כאַפּ דבורהלען פאַר די הענט)
דבורהלע, דבורהלע,
כ'האָב דיך געהאַלטן אמאָל אין מיינע אָרעמס.
א מינוט פאַרן טויט.

דבורהל: (באַפרייט זיך פון זיינע הענט)
מענטש, אייך חלומט זיך עס.

יאָסעלע: אלץ, וואָס מיר חלומט זיך, איז אמת.
דער טויט איז געווען און ווידער אוועקגעגאַנגען.
א זיסער און ליכטיקער שלאָף איז געקומען
דערנאָך.
כ'האָב אין חלום ניט אויפגעהערט צו זען,
ווי איך וואַרט אויף דיר, דבורהל.
וועל איך וואַרטן געדולדיק אויך ווייטער.
זאָל די טיר פון דיין שטוב זיין אָפן.

דבורהל: מיין שטוב איז אלע מאָל אָפן.

יאָסעלע: איך וועל ברייננגען אין שטוב צו דיר א טייערן
גאַסט,
און אליין וועל איך בלייבן ביים שוועל.
איך האָב דיך ליב, דבורהלע.
אָבער—דו זאָלסט ליב האָבן דעם טייערן גאַסט...

רייד, דורכגענומענע און דורכגעפּילטע מיט ליכטיקייט און בלענדעניש, ווערן ערשט געוועדט צווישן חנינה און דבורהלען; און מיר וועלן ברייננגען די דאָזיקע רייד, צוליב דער ענלאַכקייט זייערע צו די רייד, וואָס ווערן געוועדט צווישן אבעלאַרדן און העלואיזן—

חנינה: איז דבורהל צעוואונדיקט ?

דבורהל: יע. אָבער כ׳פּיל זיי ניט — די וואונדן.

חנינה: אויפן נאַקעטן לייב — דעם תליונס בייטש.
אָבער מערער ווי בייטש — ליכט:
ליכט האָט געשטראָמט פון דבורהלס לייב.

דבורהל: מיין לייב האָט געוואַרט אויף דעם.

חנינה: אויף דעם תליונס בייטש ?

דבורהל: אויף חנינהס אויגן.

חנינה: ליכטיק, ווי לייב, איז אויך די נייע שטילקייט.

דבורהל: (שטעלט זיך אויף)
איך ליג ניט מער. כ׳בין אויפגעשטאַנען.

חנינה: דבורהל איז ניט מיד ?

דבורהל: ניין.

חנינה: איך הער אין דבורהלס קול געוויין.
אין געשריי פון בלוט — אַזוי פיל שמייכל,
אין געוויין — אַזוי פיל פרייד.

דבורהל: פרייד און שמייכל אויף די ליפּן פון אַ קינד.
וועמענס קינד ? — דער וועלטס.

חנינה: און דבורהלס.
דבורהל איז די וועלט.
טראָג דאָס קינד אין דיינע אָרעמס, וועלט,
דבורהל וועט עס וויגן, וויגן, —
ווער איז דער, וואָס האָט עס אַלץ אַנטפּלעקט?—

דבורהל: דער תליון.

חנינה: (הויבט אויף דעם קאָפּ ווי אין שרעק)
ווער?

דבורהל: דער תליון.

חנינה: ניטאָ קיין שפּור פון שרעק אין דבורהלס האַרץ?

דבורהל: קיין שפּור.

חנינה: און דאָס דאַרף ערשט נאָך געשען און קומען,
צי נעמט עס דבורהל אויף אינגאַנצן?

דבורהל: אינגאַנצן.

חנינה: היינט, צי מאָרגן — קומען וועט די ברכה,
מיינע ליפּן וועלן בענטשן,
שטילע פרייד וועט דורכנעמען דאָס האַרץ פון אַלעמען,
און אויך אַזוי דער שמייכל,—שטילער שמייכל.
פענצטער, טירן וועלן זיך צעעפענען,
ליד פון רו וועט זיך צעטראָגן איבער גאָר דער ערד. —
ווער האָט אויפגעוועקט דאָס ליד פון רו? —

דבורהלע: דער תליון.

חנינה: האָט דבורהל אויפגענומען ס'ליד פון רו אינגאַנצן?

דבורהל: אינגאַנצן.

חנינה: וואָס באַדאַרף איך? גאָרנישט, גאָרנישט.
דבורהל איז א מוטער. —
דבורהל וועט א מוטער בלייבן,
ליפּן פון אַן עופהלע וועט זי טוליען צו דער ברוסט.
אַלע שנאהס — אויסגעטראָגן,
אַלע קאַמפן — אויסגעקעמפט.
וועלט וויל שטילקייט.
שטילקייט קומט. —
ווער זאָגט אָן, אַז די שטילקייט קומט?

דבורהל: דער תליון.

חנינה: נעמט דבורהל אויף די שטילקייט אין איר הארץ
א י נ ג א נ צ ן?

דבורהל: אינגאנצן (נויגט זיך איבער אים, רירט זיך צו
מיט אירע ליפּן אָן זיינע)

חנינה: (ניט רירנדיק זיך)
א דאנק.
די אמתע גאולה קומט — די ריינע שטילקייט.
די טירן זייגען אָפן; —
דבורהל,
גייט ארויס אין גאס און ברענגט
פאר אלעמען די ריינע שטילקייט. —
(פּויזע)
מיך נויגט צום שלאָף.
קאלט איז מיר.

די אוניווערסאלע איינהייט, וואָס שליסט אין זיך איין אייביקייט און אומענדלאַכקייט ווי די אטריבוטן פון דער איינהייט, וואָס הייסט ביי שפּינאָזאן סובסטאַנץ, נאטור אָדער גאָט — האָט לייוויק מיט זיין גאנצן וועזן דערפילט אויף אן אינטואיטיוון אופן, נאָך איידער ער האָט געלייענט און שטודירט שפּינאָזאן. אָבער פאַרשטאַנען ביז צו אלע טיפענישן דעם זין און דעם ווערט פון דער דאָזיקער איינהייט, האָט ער ערשט נאָכדעם, ווי ער האָט פאַר א לענגערע צייט זיך טיף דערגרונטעוועט צו דעם לעבן און דער לערע פון שפּינאָזא.

אן אויסדרוק פון לייוויקס טיפן באנעם פון שפּינאָזאָ'ס בליק אויף וועלט, מענטש און גאָט, — איז זיין ליד אין דער סעריע „שפּינאָזא", וואָס הייסט „צוויי מאָל צוויי איז פיר".

די תאווהדיקע פעל
פון גוף אראָפּגעשיילט;
וואָס טוט מיין ריינע זעל?
זי ציילט, זי ציילט.

צוויי מאָל צוויי איז — פיר,
איך מאָל איך איז — דו,
דו מאָל דו איז — מיר,
טויט מאָל טויט איז — רו.

אין מזרח זייט מיין קאָפּ,
די פיס אין מערב - זייט;
יאָג גיכער, שטיי נישט אָפּ, —
נאָנט מאָל נאָנט איז — וויים,

שארך ביים מיר. — סטוק, סטוק, —
ס'איז אָפן, קום אריין,
לויכט אויף אין לעצטן קוק, —
טויט מאָל טויט איז — זיין.

איך מאָל איך איז — דו, דו מאָל דו איז — מיר — וואָס פאר א שיינער אויסדרוק פאר שפינאָזא'ס געדאנק, אז גאָט איז אין מענטש און אין וועלט, און מענטש און וועלט איז אין גאָט.

די וויזיע :

וואָלקנס אהינטערן וואלד דערנענטערן זיך צו די שפּיצן
פון די בוימער,

שטעכן זיך ארויף אויף זיי, ווי בייכער אויף אָנגעשארפטע
שפּיזן

רויט פארגיסט זיך דער הימל, און עס נידערט ארונטער
אליין דער באשעפער

מיט אן אויפגעעפנט אויפגעריסן לייב, אז עס זעט זיך
זיין גאַנצע אינגעווייד.

עס שמעקט פון אים מיט געזאלצענער היץ, און עס זידט
דאָס געשריי פון זיין וואונד.

— באשעפער, זאָג איך, דו גייסט דאָך אָפּ מיט בלוט.
צי שטארבסטו, באשעפער ?

אָבער אָנשטאָט צו דערזען אויף זיין פּנים אן אויסדרוק פון
ווייטאָג צעקרימטן,

דערזע איך גאָר שטילן און ווייכן גוטמוט, און אָנשטאָט
מיר צו ענטפערן —
לאָזט ער זיך נידערן ארונטער כמעט ביז צו דער סאמע
ערד צו.

די דאָזיקע וויזיע וואָלט קיין מאָל נישט געקומען צום דיכטער, ווען ער וואָלט, נאָך איידער ער האָט געשלאָסן א בונד מיט שפּינאָזא, ניט געפילט די קעגנזייטיקע איינוואוינונג פון גאָט און מענטש. די דאָזיקע וויזיע איז דורכגענומען מיט אן אינטימיטעט צווישן גאָט און מענטש, וואָס דערהויבט דעם מענטשן צו גאָט און פילט אָן מיט א נאָענטקייט און קאָנקרעטקייט די שייכות פון גאָט און מענש. און דערפאר שרעקט זיך נישט אָפּ דער דיכטער פון ווענדן זיך צו גאָט מיט די ווערטער:

— באשעפער, זאָג איך, דו פארגיסט מיך מיט בלוט, —
צי שטארב איך, באשעפער? —
און, ווידער, אָנשטאָט מיר צו ענטפערן, ציט ער זיך אויס
איבער מיר,
פאַלט צו מיט זיין פּנים צו מיינעם, אזוי ווי א פרוי.

די שורה אין דעם ליד „צוויי מאָל צוויי איז פיר“: נאָענט מאָל נאָענט איז — ווייט, — איז אן אויסדרוק פאר דעם שפּינאָזאגעדאנק, אז די אומענדלאכקייט שלינגט אין זיך איין רוים, ווי רוים און צייט ווערן איינגעשלונגען פון אייביקייט. און די שורה: „טויט מאָל טויט איז — ז י י ן“, — פארקערפּערט אין זיך דעם געדאנק, אז אין דעם ליכט אָדער אונטער דעם אספּעקט פון אייביקייט, ווערט צייט אויפגעלייזט אין אייביקן זיין, אין אן אומאויפהערלאכער פאראנענקייט. און דאָס מיינט דאָס זעלביקע, ווי צו זאָגן, אז אומקום ווערט אויפגעלייזט אין אָנקום און אויפקום — א מיין און א זין, וואָס שלאָגט זיך דורך די שורות און צווישן די שורות פון אלע שאפונגען פון דעם דיכטער ה. לייוויק. דער דאָזיקער מיין און זין שלאָגן ארויס פון אבעלארד'ס ווערטער צו העלואיזן:

מיין וואונדער־גאסט, מיין זעלטענער, —
ווי טרייסטפול דיינע ווערטער גייען אויף ; —
דיין ווילן איז פאר מיר — געבאָט,
דיין ליבשאַפט איז פאר מיר — געוויסן,
געוויסן און נבואה ווען וועלט און מענטש —
א מענטש א נייער א גערעכטערער זאָל קומען;
און מיר זיינען די טרעפ פאר זיינע פיס.
מיר טראָגן אוים פאר אים דעם גאַנצן טרויער,
און שווייגן אוים פאר אים די גאנצע שטילקיים,
און וויינען אלע טרערן פאר אים אוים,
און לייטערן דאָס גאַנצע רחמים אוים פאר אים. —
מיין טייערע, די זון הויבט אָן ארונטערגיין;
און איבער אונז צוויי פייערדיקע ווערטער :
ס ך ה כ ל .
אלץ גייט צום אָפשלוס, העלויז.
די שטראַלנדיקע פינגער פון באַשעפער
פארלייגן זיך צום בענטשן אויף דער וועלטס געזיכט;
אויך דו, די פינגער דיינע, לייג ארויף אויף מיר.
און בענטש מיך . — —

דער זעלביקער מיין און זין דרינגט אויך ארוים פון העלו־איזעס ווערטער צו דעם פאַטער גריגאָרי, ווען ער זאָגט צו איר און צו אבעלארדן : „איך הער אייך די מינוט צושיידן זיך" —

העלויז : צושייד, צושייד. וועסט סיי ווי ניט צושיידן.
ניט דו ביסט דער צושיידער.
ניט צלם און ניט שטעקן און ניט תפיסה צעל.
קענסט גאָט אליין אראָפרופן פון הימל
צו הילף דיר: זאָל ער נידערן ארונטער,
און זאָל ער העכער, העכער אויפהויבן דיין צלם,
און איך וועל אויפהויבן קיין אנדער זאך
ווי נאָר מיין שוואכע האנט, און אויסשטרעקן
מיין דארן גוף אנטקעגן דיר און אלע פייניקער,

און אלע הענקער. — אויף מיין גוף — א קיים,
און אויף אבעלארדס גוף — א שטאָלן מעסער, —
דיביידע גופן זיינען איינס,
די ביידע דארע גופן זיינען מעכטיק;
אָן זייער הארטקייט וועט א יעדערער ווי דו
זיין היינקערישן קאָפּ צושמעטערן, —
די ביידע גופן זיינען מער ניט גוף,
נאָר איינגעקלאַמערט צונויפגעשמידטער פויסט,
א ווארנונג און א רוף און א דערמאָנונג
פאר גארער וועלט אויף אייביק — אייביק.

און אויף אייביק און אייביק וועט ה. לייוויק'ס דיכטונג אריינפירן די, וואָס וועלן זי ווי געהעריק אויפנעמען, אין דער אייביקייט, וואו אומקום ווערט אויפגעלייזט אין אָנקום און אויפקום.

דער וועג, דורך וועלכן זיין דיכטונג פירט אונז אריין אין דער אייביקייט, זיין וועג פון אומקום צו אָנקום און אויפקום — איז אמת זייער א שווערער. ער איז, ווי פּרץ האָט אים אָנגערופן, דער טוריסטן וועג. דאָס איז דער וועג, וואָס „שלענגלט זיך צווישן פעלזן און אָפּגרונטן, און אויף די הויך, וואו עס שפּילט זיך די הויכע מענטשלאַכע טראגעדיע, וואו צווישן שרעק, געפאר און שגעון, עס ווערן געוואויגן די גרעסטע מענטשלאַכע פּראבלעמען: וואָס איז לעבן? וואָס איז טויט? ווער בין איך און וואוהין פירט מיין וועג?"

שווער איז דער טוריסטן וועג, און שווער איז דער לייוויק וועג, אָבער אזוי איז אויך דער וועג פון שפּינאָזא, ווי ער אליין האָט מודה געווען, און שווער איז בכלל דער וועג פון אלע גרויסע פילאָסאָפן און פון אלע גרויסע דיכטער.

ווי שווער דער דאָזיקער וועג זאָל ניט זיין, איז ער אָבער דערהויבן. „ווען דער וועג — שרייבט שפּינאָזא צום סוף פון זיין „עטיק" — „שיינט אפילו צו זיין זייער א שווערער, קאָן ער דאָך געפונען ווערן. און, אייגנטלאַך, מוז זיין שווער דאָס, וואָס מען

טרעפט אזוי זעלטן אָן. און באמת—ווי וואָלט עס מעגלאך געווען, —אויב די זעליקייט וואָלט געווען אזוי גרינג צו דער האנט, און וואָלט געקאָנט אָן פיל מי געפינען ווערן, — אז זי זאָל כמעט פון אלע מענשן פארנאכלעסיקט ווערן? אָבער אלץ, וואָס איז דער־הויבן, איז אזוי שווער, ווי עס איז זעלטן".

דאָס קאָמפּלעטע ווערק וועגן ה. לייוויק וועט אַרומנעמען
אַלע זיינע דראַמאַטישע שאַפונגען אונטער דעם נאָמען:
„ה. לייוויק, דער דיכטער פון דערלייזונג“.

